Rok I. Kraków, 26 listopada 1909 — קראקא י"ג כסלו תר"ע. Nr 46




**Żydowska gazeta illustrowana. Jüdische Illustrierte Zeitung.**

wychodzi każdego piątku. **Prenumerata wynosi:** Rocznie K. 10 — Rbs 5 — M. 12 Frs 15 Półrocznie 5 K. — Rbs 2.50 — M. 6 — Frs 7.50, kwartalnie K. 2.75 — Rbs. 1.50 — M 2.25 Frs. 4. Pojedyn. egzemplarz 20 hal — 10 kop. 25 Pf — 30 Centm. **Redakcya i Administracya** Kraków, Grodzka 62 — telefon 412 Konto Pocztowej Kasy Oszczędności 57 341. **Ogłoszenia przyjmuje:** Biuro reklamowe i anonsów »Prinzipia« w Krakowie św Marka 21.

Erscheint jeden Freitag. **Abonamentspreis:** jährlich K. 10. — Rbl. 5. — M. 12. — Frs 15.—halbjährlich K. 5 — Rbl 2·50 — M. 6 — Frs 7 50. — vierteljährlich K 2 75. — Rbl 1·50. — M. 2 25. — Frs 4. — Einzelne Nummer: 20 Heller — 10 Kop. — 25 Pf — 30 Centm. **Redaktion und Administration:** Krakau, Grodzka 62. — Telephon 412. - Oester. Postsparkassen-Konto 57.341. **Inseraten-Annahme:** Reklame-Bureau »Prinzipia« Krakau, Markagasse 21.

ערשיינט יעדען פרייטאג. אבאנאמענטס-פרייז: יעהרליך 10 קראנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, = 1.5 רובל. — איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ. — אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק האלביעהריג 7.50, פיערטעליעהריג 4 פראנק. רעדאקציאן אונד אדמיניסטראציאן: קראקא גראָדזקאגאססע 62. — טעלעפאן נו' 412 — עסטערר פאסטשפארק.-קאסע נו' 57,341. אינזעראטען-אננאהמע: אנאנסען-ביוראָ „פרינציפיא", קראקא, מארקא-גאססע 21.

# א ענגלישער מיניסטער איבערפאלען פון א פרוי.

אויף דעם באנהויף אין בריסטאל איבערפאלט א סופראזשיסטקע דעם האנדעלס-מיניסטער טשורטשיל און פערזוכט איהם צו שלאגען מיט א בייטש.

# גראטיס-בייילאגע: די „הבדלה" נומער 8.

# וויכטיג פאר אונזערע אבאָ־נענטען.

וועד ס׳אבאניערט די „יודישע אילוסט־רירטע צייטונג״ אויף דעם קומענדען יאהר 1910 און שיקט שוין איצט אריין דעם גאנצען אבאנעמענטס־פרייז פון 10 קראנען, בעקומט, אויסער די אלגעמיינע פרעמיעס (וואנדקאלענדער, „דוד שפירא״ און „דון יוסף הנשיא״), נאך אלס בעזונ־דערע פרעמיע

## אלע בלעטער פון איצט ביז צו נייאהר אומזיסט.

דאס אבאנעמענט וועט גערעכענט ווערען פון 1 יענער 1910 ביז 1 יענער 1911.

---

ריעינינע אבאנענטען, וואס וויער אבאנעמענט ענדינט זיך מיט דיעזע נומער, בעקומען ביינעלעגט א פאסט־שעק, מיט וועלכען זיי זאלען עס תיכף ערנייערן, כדי מיר זאלען נישט זיין געצוואונגען, אויפצוהערען מיט׳ן צושיקען פון אונזער בלאט.

•

די פ. ט. אנענטען ווערען אויפגעפאָדערט, תיכף צו בעגלייכען זייערע רעכנונגען, ווייל זאנסט וועלען מיר זיי נישט מעהר צושיקען די בלעטער.

•

אונזער הויפּטפּערטרעטער אין רוסלאנד איז: י. מערעצקי, ווארשא, במיעלנא נר׳ 49, פיליאלע אין לאדז: פשעיאזד נר׳ 16.

אין רומעניען: יאזעף כארטפעלד, פאסקאני.

אין בעלגיען: ס. קאהאן, אנטווערפען.

אין אמעריקא: ש. הרוקערמאן, ניו־יארק 50 קאנאל־סטריט.

## די אדמיניסטראציע.

---

# א ענגלישער מיניסטער אי־בערפאלען פון א פרוי.

זייט א צייט עקסיסטירט אין ענגלאנד א אָרגאַ־ניזאציע פון פרויען, וועלכע ווילען מיט געוואלט צווינגען די רעגיערונג, צו געבען די פרויען דאס שטימ־רעכט צום פּאַרלאַמענט.

צוערשט האבען די סופראַשיסטקעס (פרויען־רעכטלערינען) אגיטירט פאר זייערע בעשטרעבונגען אין פערזאמלונגען, דורך פערברייטונג פון פלוגבלעטער און בראשורען, זעהענדיג אבער אז דאס העלפט נישט, האָבען זיי אנגעהויבען צו מאכען דעמאנסטראציעס אויף די גאסען, פאר׳ן פּאַרלאַמענט און שפּעטער אויך פון דער גאלעריע אין פּאַרלאַמענט, פון וועלכער זיי האבען אראָב־געווארפען צעטעל אויף די קעפ פון די דעפוטירטע מיט דער פאָדערונג: גלייכע רעכטע פאר פרויען.

ווען אויך דאס האט נישט געהאָלפען, האבען זיי זיך גענומען בעלעסטיגען פערזענליך די מיניסטער, אפ־וואַרטענדיג זיי ביים אויסגאנג פון פאַרלאמענט און רו־לענדיג זיי דעם קאפ ווענען דיעזער פראגע.

אלע דיעזע מיטעל האבען אבער נישט געפיהרט צום ציעל. די מיניסטער פלעגען די שטייטבארע פרויען נאר אויסלאכען און אין פאַרלאמענט האבען זיי עפענט־ליך ערקלערט, אז די רעגיערונג איז נאר נישט געוויללט דיעזע פאָדערונג צו ערפילען.

איצט האבען זיך די סופראַזשיסטקעס נאר גענו־מען ערקעמפפען זייערע רעכטע ביד־חזקה. זיי פלעגען איבערפאלען די מיניסטער, בעוואַרפען זיי מיט שטיינער און בעשימפּפען אויף דעם ערנסטען אופן.

דעם העכסטען רעקארד אין דיעזען קאמפף האט ערייכט א פאַנאַטישע סופראַזשיסטקע פארינע וואך אין בריסטאל. ווען דער האנדעלסמיניסטער איסטאן־טשורטשיל איז אנגעקומען צו פאהרען מיט זיין פרוי אויף׳ן באהנ־האף, איז איהם א סופראַזשיסטקע איבערגעפאלען מיט א הונדס־פייטש און איהם פערזעצט עטליכע קלעפּ איבער׳ן קאפּ.

צום עמפפאנג פון מיניסטער, וועלכער איז געקו־מען קיין בריסטאל האלטען א רעדע, האבען זיך געפונען אויף׳ן פעראן די פערטרעטער פון דער שטעדטישער פערוואלטונג. פאליציי האט געבילדעט א שפאַליער, כדי צו האלטען פריי דעם וועג פאר׳ן מיניסטער. פּלוצים, קוים איז דער מיניסטער אראָב פון׳ם וואגאן און געמאכט עטליכע שריט, רייסט א פרוי פון׳ם פובליקום דורך דען פאליציי־קארדאן, האפט אן דעם מיניסטער ביים קראגען און פערזעצט איהם עטליכע קלעפּ מיט א פייטש איבער׳ן צילינדער, רופענדיג: „דא האסט דו, דו בעסטיע! דער איבעראשטער מיניסטער דרעהט זיך שנעל אום, ער־גרייסט די פרוי ביי די הענד און רייסט איהר אוים די פייטש. באלד איז צוגעקומען די פאליציי און שלעפּט די שרייענדע און שימפּפענדע פרוי אין ווארטע־זאל אריין. דער מיניסטער האט זיך באלד ערהאלט, ער שטעקט די

קעניג מאניעלס וויזיטען: דער קעניג האלט א טרינקשפרוך אין דעם לאנדאנער שטאט-הויז

שרעקליכע קאטאסטראָפען: סצענעס פון די צערשטערונגען אויף דער אינזעל יאמאיקא.



דעם סולטאנ'ס געבורטסטאג: די טהיילנעמער אין דער פייער אין סמירנא מיט'ן דארטיגען „חכם".

ביימש אין זיין ראק־מאש און נעהמ ארויס פונ'ם וואקזאל. ביי דער טה'ר טרעפט ער נאך א מאל מיט דער ווילדער פ־ווי צוזאמען, ער איבערייכט איהר די ביימש און זאגט: „בעהאלט דאס צום אנדענקען" זי אבער ענטפערט: „דאס האסטו איצט בעקומען! דו וועסט אבער נאך מעהר בעקומען פון אונז ענגלישע פרויען!" די פרוי איז באלד אבגעפיהרט געווארען אין ארעסט.

דער מיניסטער איז ביים אנקומען אין זאאל, וואו ער האט בעדארפט האלטען די רעדע, בעגריסט געווארען מיט א גרויסען ענטהוזיאס וועהרענד דער רעדע האט אן אנדערע סופ־אושיסטקע אריינגעווארפען א גרויסען שטיין דורך א פענסטער אין זאאל, אבער ס'איז קיינעם נאר נישט געשעהען.

די פאליציי האט די סופ־אושיסטקע תיכף פעראורטיילט אויף צוויי חדשים ארעסט. זי האט דאס אורטהייל אנגענומען רוהיג און בעמערקט: קוים וועט וועל איך ארויס פריי, וועל איך מיין ארבייט וויעדערהאלען!"

---

# קעניג מאנועל'ס וויזיטע.

קעניג מאנועל פון פארטוגאל, וועלכער איז אויף א טראגישען אופן געקומען אויף דעם טהראן, נאכדעם ווי זיין פאטער, קעניג קארלאס און זיין עלטערער ברודער זענען אין מיטען העלען טאג, אין דער הויפטשטאדט ליסאבאן ערמארדעט געווארען דורך רעוואלוציאנערע, האט פאריגע וואך אונטערנענומען זיינע ערשטע וויזיטען אין אויסלאנד.

דאס לאנד פארטוגאל זעלבסט, אין פריהערע יאהרהונדערטע איינס פון די רייכסטע און מעכטיגסטע אין דער וועלט, איז היינט אראבגעפאלען ביז אויף דער אונטערשטער מדרגה. עס איז ארים, אויסגעבייטעט און געקנעכטעט און האט פערלוירען יעדעס אנזעהן. נאר זיין זעהר גינסטיגער געאגראפישער לאגע האט עס צו פערדאנקען, וואס די ענגלענדער אונטערשטיצען עס אין פאליטישע וועלט־פראגען, ווייל זיי זעהען אין איהם א שטיצע אין דעם בעפארשטעהענדען וועלט־קריעג, צו וועלכען זיי גרייטען זיך צו.

דער איצטיגער יונגער קעניג אבער בעזיצט געוויסע סימפאטהיען אין דער גאנצער וועלט. יעדער בעדויערט דעם יונגען קעניג, וואס איז פלוצים בערופען געווארען צו טראגען א קעניגליכע קרוין אויפ'ן קאפ, וועלכע דריקט איהם אזוי שווער. ער האט מורא פאר דער אייגענער שיין; די שאטענס פון זיין פאטער און ברודער שרעקען איהם שטענדיג און ער האט מורא פאר'ן אייגענעם פאלק.

איבערדעם אויך, אויס ריין מענשליכע אורזאכען, האט דער יונגער קעניג בעגעגענט איבעראל, וואו ער איז געקומען, א פריינדליכען קבלת־פנים.

זיין ערשטער וויזיט האט געגאלטען זיין נאהנטען שכן, דעם קעניג אלפאנס פון שפאניען. דא איז דער עמפפאנג געשעהן אונטער'ן שוץ פון מיליטער, ווייל קעניג אלפאנס איז טאקי אליין נישט זיכער פאר דער ליעבע פון זיין פאלק.

פיעל פריינדליכער איז דער עמפפאנג געוועזען אין פראנקרייך, וועלכעס לעבט אין פריינדשאפטליכע בעציהונגען צו פארטוגאל.

דאגעגען איז דער עמפפאנג אין ענגלאנד שוין געוועזען גאנץ ענטהוזיאסטיש. די ענגלענדער האבען אין דעם יונגען קעניג בעגריסט זייער פריינד און פערבינדעטען; די ענגלישע קעניגליכע פאמיליע, זייער קינפטיגען קרוב וועט הייסט געמליך. אז דער קעניג זאל בקרוב פערלאפט ווערען מיט א אייניקעל פון ענגלישען קעניג.)

צווישען די פעסטליכקייטען, וואס זענען פעראנשטאלטעט געווארען געווארען לכבוד פון דעם קעניגליכען גאסט, איז געווען דער גראספארטיגסטע דער פייערליכער עמפפאנג אין לאנדאנער „גולדהאלי (דעם שטעדטישען ראטהויז), וואו דער קעניג איז בעגריסט געווארען פונ'ם לארד־מאיאר (בירגערמייסטער) אין א הערצליכער רעדע, אויף וועלכער ער האט געדאנקט אין א ווארמען טאאסט.

אויך דארין ליעגט א געוויסע טראגיק. אז דער יונגער קעניג, וואס פיהלט זיך אזוי נישט זיכער ביי זיך אין דער היים, האט וועגינסטענס אין אויסלאנד דערלעבט עטליכע פריינדליכע טעג!



פראפעסאר הענרי וייל.

---

# דעם סולטאנ'ס געבורטס־טאג.

פאריגע וואך האט דער סולטאן מאהאמעד V. געפייערט זיין געבורטסטאג, צום ערשטען מאל זייט ער זיצט אויף דער שטוהל.

דער טאג איז אין דער גאנצער טירקיי געפייערט געווארען מיט גרויס פאראד און דער סולטאן האט זיך געקענט איבערצייגען, אז ער ביי די ווייטע פאלקסקרייזען שטארק פאפולער אים געגענזאץ צו זיין פארגענגער אבדול־האמיד, וואס דאס גאנצע פאלק האט איהם געהאסט.

בעזונדערס פייערליך האט מען דעם סולטאנ'ס געבורטס־טאג געפייערט אין סמירנא, וואו עס זענען פארגעקומען גרויסע פאראדעס לכבוד פון דעם טאג. אבענדס איז פעראנשטאלטעט געווארען א פעסט־באנקעט, אין וועלכען ס'האבען טהיילגענומען די העכסטע בעאמטען די נייסטליכע, דער יודישער „חכם" און די פראמינענטעסטע מיטגליעדער פון דער געמיינדע. די טהיילנעהמער פון דער באנקעט האבען זיך געלאזט נעמיינזאם פאטאגראפירען און מיר ברענגען דאס בילד אין אונזער היינטיגען נומער.

---

# דר. אברהם אליהו הרכבי.

(צו זיין 70־סטען געבורטסטאג.)

אם כ״ב מרחשון האט דער בעריהמטע יודישע געלעהרטע דר. אברהם אליהו הרכבי געפייערט זיין 70־סטען געבורטסטאג.

געבוירען אין נאוואגרודעק (מינסקער גובערניע) האט ער אין זיין יוגענד בעזוכט די בעריהמטע וואלאזי־נער ישיבה. דערנאך איז ער איבערגעגאנגען אין די ראבינער־שולע אין ווילנא. וואו ער האט זיך אויסגע־צייכענט אלס איינער פון די טיכטיגסטע שילער. אים יאהר תרכ״ג פאהרט ער קיין פעטערסבורג, וואו ער בע־זוכט די אוניווערזיטעט. ער ווידמעט זיך דעם שטודיום פון ארייענטאלישע שפראכען און בעקומט דעם טיטעל „מאגיסטער״ פאר זיין דיסערטאציע „מאהאמעדאנישע געלעהרטע איבער די רוסען און סלאווען״.

אויף קאסטען פון דער רעגירונג פאהרט ער קיין אויסלאנד. ער בעזוכט די אוניווערזיטעטען אין בער־לין און פאריז און קעהרט צוריק קיין פעטערסבורג מיט דעם רוף פון א גרויסען אריענטאליסט.

אים יאהר 1872 בעקומט ער דעם טיטעל „דאק־טאר״. אין דיזען יאהר בעקומט ער אן אנשטעלונג אין דער קאיזערליכען ביבליאטהעק. א יאהר שפעטער ווערד ער דארט ביבליאטהעקאר, וועלכע שטעלע ער בעקליי־דעט ביז אויף דעם היינטיגען טאג.

צווישען די אריענטאליסטען פערנעמט דר. הרכבי דעם ערשטען פלאץ. ער איז מיטגליעד פון דער קאי־זערליכען ארכעאלאגישען געזעלשאפט אין פעטערס־בורג, פארזיצער פון דער אריענטאליסטען־געזעלשאפט און אן ערען־מיטגליעד און קארעספאנדירענד מיטגליעד פון פיעל אויסלענדישע אקאדעמיעס און געלעהרטע פעראיינע.

„אונצעהליגע זענען די אויסצייכנונגען, וועלכע הרכבי בעזיצט. ער האט דעם טיטעל שטאאטסראטה און עט־ליכע הויכע ארדענס. עטליכע מאל איז ער געפאהרען אים אויפטראג פון דער רוסישער רעגירונג קיין קרים, קיין ארץ־ישראל, סיריען, עגיפטען עטצ., כדי נאכצו־פארשען וועגען אריענטאלישע האנדשריפטען. ער בע־זיצט אויך פיעל אויסלענדישע ארדען, דארונטער דעם דעם שפאנישען עליזאבעטא־ארדען.

זעהר פיעל האט דר. הרכבי געלייסטעט אין דער יודישער ליטעראטור. שוין אין זיין יוגענד פלעגט ער פיעל שרייבען אין די דעמאלדיגע העברעאישע צייטונ־גען. חוץ־לזה האט ער ארויסגעגעבען עטליכע וויכטיגע ווערק, ווי „די יודען און די סלאווישע שפראכען״ (רוסיש) „וועגען דער שפראך, וואס די רוסישע יודען האבען גערעדט אין אלטע צייטען״ (רוסיש). „די ערצעהלונגען וועגען די כוזרים״ (רוסיש). „זכרון לראשונים גם לאחרונים״. ענטהאלטענד קריטישע אויסגאבען פון די ספרים בן־תהלים ובן־משלי (פון ר׳ שמואל הנגיד), תשובות הגאונים ר׳ שרירא ור׳ האי גאון, זכרון רב סעדיה גאון, ר׳ יהודה הלוי און נאך פיעלע אנדערע.

אונצעהליגע זענען אויך זיינע אר־טיקעל און אויפזעצע אין פערשיעדענע צייטשריפטען, זיינע הקדמות און הערות צו פיעל וויכטיגע ספרים.

דר. הרכבי איז א ווארמער נאציא־נאלער יוד. ער ארבייטעט נאך ביז היינט פאר דער יודישער וויסענשאפט און אלע פריינד פון דער יודישער ליטעראטור ווינשען איהם נאך א לאנג לעבען, פיזישע און גייסטיגע געזונדהייט.

# יצחק יואל לינעצקי׳ס יובילעאום.

שטיל און פערגעסען האט פאר א קורצער צייט געפייערט זיין 70־סטען געבורטסטאג, דער יודישער שרייבער און הומאריסט יצחק יואל לינעצקי, וועל־כער דאט אין זיין צייט א שטארקען רושם געמאכט אויף דעם יודישען לעזער־פובליקום און זיינע ביכער זענען געווען די פאפולערסטע אין דער יודישער גאס.

מיט צעהנדליגער יאהרען צוריק איז לינעצקי׳ס נאמען געווען בעקאנט צווישען אלע משכילים, צווישען אלע וואס האבען זיך אינטערעסירט מיט דער יודישער ליטעראטור. איצט איז ער אין גאנצען פערגעסען געווא־רען און נאר א קליין הייפעל פון געצעהלטע אינטעלי־גענטען האבען טיילגענומען אין דעם יובילעאום פון זיין 70־סטען געבורטסטאג. פערגעסען און אומבעקאנט איז ער פאר דער גרויסער מאסע. „נייע צייטען, נייע מוזיקל; נייע פוינעל, נייע ליעדער״. דאס פאלק פערלאנגט איצט נאר אנאנדערן מין ליטעראטור און לינעצקי׳ס שרייבען האט פאר איהם קיין רייץ נישט מעהר.

אבער טראָצדעם פערדיענט עס לינעצקי, וואס זיינע ביכער, אין ערשטער ליניע דאס „פוילישע יונגעלי״, האבען ארויסגערופען א [illegible] רושם אויף דער יודישער גאס, מען זאל [illegible] געדענקען און איהם אבגעבען אין דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור דעם פלאץ, וועלכע געהערט איהם.

* * *

געבוירען געווארען איז יצחק יואל לינעצקי כ״ט אלול תקצ״ט (אין יאהר 1839) אין ווינניצע, א שטעדטעל אין פאדאלסקער גובערניע, וואו זיין פאטער, ר׳ יוסף לינעצקי, איז געווען א חסידישער רב און א גרוי־סער מקורב צום רביין. צו זעקס יאהר האט שוין דער קליינער איציקל געלערנט גמרא. צו זיבען יאהר איז ער בעהאווענט געווען אין דעם „יורה דעה״ מיט ש״ך און אפאר יאהר שפעטער איז ער געווען בעריהמט אלס עלוי. וועלכער האט איבערגעשטיגען אין לומדות זיינע אלע מלמדים און ראשי־ישיבות.

זיין פאטער האט מיט איהם שטארק שטאלצירט און האט געהאפט, אז פון איהם וועט ארויסוואקסען נאר א גרויסע „כלי״, א גאון, א צדיק און א מקובל. און ער האט איהם ערצויגען אין דיזען דרך, האט מיט איהם געלערנט זהר און אנדערע קבלה ספרים, האט איהם געפיהרט אין מקואות און איהם געהייסען זיך אנ־טהון אלערליי סגופים און פייניגען דעם גוף מיט אלערליי עניים, כדי צו ענטוויקלען אין זיך א ריינע נשמה און צו דערגרייכען „רוח־הקדש״.

דער קליינער איציקעל האט אבער גאנץ אנדערש געדענקט ווי זיין פאטער, און ווערענד ער האט אויס מורא געטהון לפנים, וואס מען הייסט איהם, האט ער אין דער שטיל, אין געהיים געטהון אזעלכע זאכען פאר וועלכע, מען וואלט איהם דערמילט, אין זיין שטערטיל מתיר דם געווען, איינפאך פערשטיינערט. אויף בוידעמער און אין אנדערע בעהאלטענע ערטער האט ער געלערנט תנ״ך מיטן ביאור, חקירה און השכלה ספרים און אליין פערפאסט שירים.

ווען עס איז נור מעגליך געווען פלעגט ער זיך אריבער כאפען אין די הייזער פון די אקציזניקעס און די אפיקורסישע ליטוואקעס, און פאר זיי פלעגט ער אויסטייטשען זיין גאנצע נאכט אויף די חסידים און פלעגט נאכקרומען זייערע „העוויות און תנועות״.

צו זיין 18־טען יאהר איז ער אנטלאפען געווא־רען פון דער היים נאך אדעס. פון וואנען ער האט זיך געלאזט פאהרען קיין פרעסלוי, דייטשלאנד, אום דארט צו שטודירען אלס ראבינער. אבער די חסידים האבען איהם אבגעהיט און מיט געוואלד צוריק געבראכט אהיים.

דר. אליהו הרכבי.

יצחק יואל לינעצקי.

מאיר סולצבערגער.

אין יאהר 1862 האט ער אבער אויסגעפיהרט זיין וואונש און איז אריינגעטרעטען אין דער זשיטאמירער ראבינער-שולע, וואו ער האט אנגעשריבען זיינע ערשטע געדיכטע אונטער'ן טיטעל „דער בייזער מאַשאַלעק". אליעזר צווייפעל און חיים זעליג סלאנימסקי, האבען זיך דערנאך שטארק פעראינטערעסירט אין דעם יונגען לינעצקי און זיי האבען פאר איהם געקריגען א שטעלע אין דעם קאנטאר פון מ. וויינשטיין. אין יאהר 1866 איז ער געווארען מיטארבייטער פון צעדערבוים'ס „קול-מבשר" וואו ער האט געדרוקט זיין „פוילישען יונגעל".

פון דעמולט אן האט ער זיך בעטהיילינט אין א סך צייטונגען און זשורנאלען און אלע זיינע שריפטען זענען שפעטער געלעזען געווארען מיט דעם גרעסטען אינטערעס פון אלערליי קלאסען לעזער.

אין 1875 האט ער אין לעמבערג, אליין ארויסגעגעבען א צייטונג אונטער'ן נאמען „ישראליק" און שפעטער איז ער אוועק קיין רומעניען וואו ער האט ארויסגעגעבען די צייטונג „נאציאנאל". אבער די ביידע צייטונגען זענען געבוירען געווארען אין א שווערען מזל און האבען געהאט קצר-ימים.

זיינע ווערקע „לוח אין כסף", „דער כל-בוניק" און „דאס משלחת" ענטהאלטען אין זיך אויך א זעהר שטארקען געזונדטען הומאר. אבער די גרויסקייט פון לינעצקי'ן אלס יודיש-קלאסישער הומאריסט און סאטיריקער קאנצענטרירט זיך אין דעם „פוילישען יונגעל".

דאס „פוילישע יונגעל" איז געוועזען לינעצקי'ס פאפולערסטע ווערק, עס האט איהם בעקאנט געמאכט דער גרויסער מאסע פון פאלק און דאס בוך האט דערלעבט עטליכע גרויסע אויפלאגען.

באלד אבער זענען אין רוסלאנד געקומען אנדערע צייטען אויף יודען, מען האט מעהר נישט געהאט קיין קאפ צו הומאר און סאטירע. די השכלה-פעריאדע איז פלוצים ווי אבגעהאקט געווארען — און זייט דעמאלט איז אויך לינעצקי שטיל געווארען. קינות שרייבען, ראצוּ טוינג ער נישט; פאר לוסטיגע הומאריסטישע זאכען האט דאס פאלק קיין אויערן נישט געהאט... און אזוי איז ער געבליעבען זיצען אין אדעס, שטיל און פערגעסען — ביז צום יובילעאום פון זיין 70-סטען געבורטס-טאג.

א מעדיצינער אלס באנקנאטען-פעלשער: האזניק ביי זיין הערשטעלען פון פאלשע נאטען

# א יודישער אבערריכטער אין אמעריקא.

ביים העכסטען געריכטסהאף פון אמעריקא, דעם „יונייטעד סטייטס סופרים קאורט" אין וואשינגטאן, איז איצט וואקאנט געווארען די שטעלע פון דעם העכסטען ריכטער, נאכדעם ווי דער ביזהעריגער ריכטער, מר. פעקהעם איז געשטארבען.

די כורות פון פעטערבורגער מאָרד: אינזשעניער גילעוויטש.

דער וויכטיגסטע קאנדידאט אויף דיעזע שטעלע איז דער יודישער ריכטער מאיר סולצבערגער אין פילאדעלפיא, איינער פון די גרעסטע געלעהרטע און יוריסטען אין אמעריקא.

ה' מאיר סולצבערגער איז אויך איינער פון די בעקאנטעסטע פערזענליכקייטען אין אמעריקא. עס איז נישט לאנג האט איהם דער פרעזידענט טאפט פארגעשלאגען איבערצונעהמען דאס אמט פון אמעריקאנישען אמבאסאדאר אין דער טירקיי. אבער סולצבערגער האט זיך ענטזאגט, ווייל ער וויל ליעבער בלייבען אין זיין היימאטה.

סולצבערגער איז געבוירען אין היידעלסהיים, באדען, און ער איז היינט אלט 66 יאהר.

אין יאהר 1848 איז ער געקומען מיט זיינע עלטערן קיין פילאדעלפיע, וואו ער האט געענדיגט זיינע שטודיען אלס יוריסט.

ער האט זיך זעהר זיין יוגענד אינטערעסירט פאר יודישער ליטעראטור און וויסענשאפט. ער האט איבערגעזעצט א טהייל פון „מורה נבוכים" אין ענגליש און ער האט אונטערשטיצט פיעל יודישע געלעהרטע און ליטעראטען. דעם יונגסטען פערשטארבענעם דיכטער נפתלי הערץ אימבער האט ער אויסגעהאלטען יאהרען-לאנג ביז צו זיין טויט.

סולצבערגער איז פרעזידענט פון פיעל יודישע חברות אין אמעריקא. ער האט אויך שוין אמאל בעזוכט גאליציען און רוסלאנד, כדי צו שטודירען די יודישע אויסוואנדערונגס-פערהעלטניסע.

די גרעסטע אמעריקאנישע אדוואקאטען אונטערשטיצען זיין קאנדידאטור צום אבערסטען ריכטער — און ס'איז קיין ספק נישט, אז ער וועט באלד פערנעהמען דיעזע וויכטיגע שטעלע.

# די סודות פון פעטערסבורגער מארד.

פאר עטליכע וואכען איז אין פעטערסבורג פארגעקומען א געהיימניספולער מארד, וועלכער האט ארויסגערופען די גרעסטע סענזאציע. אין א פריוואט-וואהנונג האט מען געפונען א מאן ערמארדעט מיט אבגעשיילט פנים און צעהאקטע גליעדער, אז עס איז איהם נישטמעגליך געוועזען צו דערקענען. (די פרטים פון דעם מארד האבען מיר געבראכט אין נר' 42).

אלע נאכפארשונגען, ארייסצונעפינען ווער דער ערמארדעטער איז, זענען געווען אומזיסט. בלויז אויף זיין ראק האט מען געפונען דאס סימן פון א באסקווער פירמא. וועלכע דאס די קליידונגסשטיקען געליעפערט. די פאליציי האט זיך צו איהר געווענדעט מיט אנפראגע און בעקומען די ידיעה, אז דעם אנצוג האט בעשטעלט דער אייזענבאהן-אינזשעניער אנדרעאס גילעוויטש. איצט האט מען שוין ארויסגעפונען א פאטאגראפיע פון גילעוויטש און די איינוואהנער פון הויז האבען דערקענט, אז איינער פון די צוויי בעוואהנער פון הויז איז געוועזען דיעזער גילעוויטש. עס איז אבער אויך פעסטגעשטעלט געווארען, אז דער ערמארדעטער איז נישט גילעוויטש, און אז גילעוויטש האט זיך שוין לאנג ארומגעטראגען מיט'ן געדאנק, איימיצען צו ערמארדען און ארויסצוזאגען דעם חשד, אז דער ערמארדעטער איז טאקי גילעוויטש אליין.

דער צוועק פון דעם מארד איז געמיינט געוועזען, צו בעקומען א גרויסען געלדבעטראג. גילעוויטש איז געוועזען אסעקורירט ביי א לעבענס-פערזיכערונגס-געזעלשאפט אויף 100,000 רובעל. נאך זיין טויט האט די געזעלשאפט בעדארפט אויסצאהלען די סומע דעמיעניגען, וואס וועט פארברענגען די פאלצע. דער פלאן איז געוועזען, אז דורך דעם מארד זאל מען ערוועקען די מיינונג, אז גילעוויטש איז ערמארדעט געווארען, כדי זיין שותף זאל קענען בעקומען דאס געלד, און דערנאך וועלען זיי ביידע פערשווינדען. איבעריגענס אויך איז די לייכע פון דעם ערמארדעטען אזוי צערהאקט און צעשטיקעלט געווארען, אז קיינער זאל נישט דערקענען ווער דאס איז און מען זאל קענען בעהויפטען, אז דאס איז טאקי גילעוויטש.

פון גילעוויטש'ן זעלבסט פעהלט לעת-עתה יעדע שפור.

# א זעלטענע ערפינדונג.

פאריזער צייטונגען ברענגען א ידיעה וועגען א זעלטענער ערפינדונג, וואס עס האט געמאכט דער בערלינער פראפעסאר ריהמער: ער האט ערפונדען אן אפאראט, וועלכער גיט די מעגליכקייט צו זעהן מענשען און בילדער, הייזער און אנדערע געגענשטענדע אויף הונדערטער מייל די ווייט!

אויב די ידיעה וועט זיך בעשטעטיגען, קען מען דרייסט זאגען, אז די ערפינדונג וועט זיין איינע פון די גרעסטע נצחונות פון דער טעכניק.



יאפאנישע אייזענבאהנען און כינעזישע אמניבוסע: דאס אינערע פון א יאפאנישען אייזענבאהן-וואגאן.

די ערפינדונג פון אן'אפאראט צו פאטאגראפירען פון דער ווייטען, מיט דער הילף פון טעלעגראפישע דראטען, אדער ווי מען רופט דאס „די טעלעפאטאגראפיע". האט שוין ערפונדען דער מינכענער פראפעסאר קארן; אבער די יעצטיגע ערפינדונג איז פיעל וויכטיגער און ערנסטער איידער יענע. מיט דער הילף פונ'ם נייעם אפאראט, אדער ווי דער ערפינדער האט דאס א נאמען געגעבען „טעלעוויזיאן". וועט מען קענען זעהן אויפ'ן עקראן (טאוועל) דעם מענשען, מיט וועמען מען רעדט אין טעלעפאן, אדער צו וועלכען מען טעלעגראפירט, ווי אויך אלע מינדעסטע בעוועגונגען, וועלכע ער מאכט דאבײ, זיינע געזיכטס-ציגע, זיין כעס, זיין שמייכעל און אזוי ווייטער. דער אפאראט ווירקט מאמענטאן: מען זעהט אויפ'ן עקראן דעם מענשען, וועלכער געפינט זיך הונדערטער מייל ווייט אין א סעקונדע ארום, און אויף אזא אופן ווערען אלע זיינע בעוועגונגען איבערגעגעבען גאנץ גענוי און ריכטיג.

אינ'ם אפאראט געפונען זיך 25 אבטיילונגען, אונטער יעדער אבטיילונג געפינט זיך זעהר א פיהלבארע סעלעניום-בלעטעל, וועלכע בעוועגט זיך דורך די ליכט-שטראהלען, וואס פאלען אויף איהם. די דאזיגע בעוועגונגען ווירקען אויפ'ן טעלעגראפישען אפאראט, וועלכער שטעהט דאבײ, און די טעלעגראפען דראטען געבען מאמענטאן איבער די בעוועגונגען דעם אפאראט, וועלכער געפינט זיך אויף דער ווייטער סטאציע, דאדורך מאכען דארט די סעלעניום-בלעטלעך אויך דיזעלבע בעוועגונגען און אויפ'ן עקראן ערשיינען דיזעלבע ליכט-שטראהלען און בילדער, וועלכע געפינען זיך אין דער אויפנאהם-סטאציע פאר'ן אפאראט.

דער וואונדערליכער אפאראט „טעלעוויזיאן" וועט אויסגעשטעלט ווערען צום ערשטען מאל אויף דער אלוועלטליכער אויסשטעלונג אין בריסעל און דערנאך וועט מען איהם אנהויבען צו בענוצען.

# יאפאנישע אייזענבאהנען און כינעזישע אמניבוסע.

צוויי נאהענטע שכנים, קרובים לויט דער אבשטאמונג און ראסע, לויט רעליגיע און טראדיציע — און דאך וועלכער ווייטער אונטערשיעד אין דער קולטורעלער ענטוויקלונג.

יאפאן האט זיך אנגעאייגענט אלע מאדערנע ערריינגענשאפטען פון דער מאדערנער קולטור — אין כינא הערשט נאך ביז היינט דער אלטער צאפף פון דער אלטער באבע'ס צייטען.

אם דייטליכסטען איז דאס צו זעהען פון די טראנספארט-מיטעל אין ביידע לענדער. מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער צוויי בילדער: א יאפאנישען אייזענבאהן-וואגאן און א כינעזישען אמניבוס. דער יאפאנישער אייזענבאהן-וואגאן איז דאס מאדערנסטע און בעקוועמסטע, וואס מען קען זיך נאר פארשטעלען. דער כינעזישער אמניבוס זעהט אזוי אויס, ווי פאר 1000 יאהר.

עהנליך ווענען אלע איינריכטונגען פון די ביידע לענדער, — א געוואלדיגער קאנטראסט.

לויט די נייעסטע ידיעות, איז אין כינא אויסגעגעבען געווארען א ערלאס, אבצושאפען דעם צאפף, אפשר וועט שוין איצט אין דיעזען גרויסען רייך אויך אויף אנדערע געביעטע איינטרעטען א ענדערונג צום בעסערן!...

# פאליטישע אטענטאטע אין אינדיען.

דאס אטענטאט אויף דעם אינדישען וויצעקעניג לארד מינטא, וועלכעס איז פארגעקומען פאריגע וואך האט ארויסגערופען אין גאנץ ענגלאנד די גרעסטע אויפרעגונג.

שוין ווייט יאהרען קאכט און זידט עס אין דיעזען גרויסען מעכטיגען רייך, וואס האט א מאל געהאט אן אייגענע נאציאנאלע קולטור און ווערד איצט בעהערשט פון עטליכע צעהנדליגג טויזענד ענגלישע בעאמטען און זאלדאטען.

די נאציאנאלע שטרעמונג, וואס בעהערשט איצט אלע פעלקער, האט זיך אויך אין אינדיען פערברייטעט. די יונגע אינדיאנער קענען און ווילען עס נאר נישט פער-



פאליטישע אטענטאטע אין אינדיען: וויצעקעניג לארד מינטא.



פאליטישע אטענטאטע אין אינדיען: די וויצעקעניגין לעדי מינטא.

שטעהען, פאר־וואס זיי מוזען זיך לאזען בעהערשען פון ענגלאנד און ווערען פאליטיש אויסגעבייטעט.

אינדיען דיענט נעמליך פאר ענגלאנד אלס גרויסער מארקט, אויסצופרעגנען די סחורות, וואס ווערען אויסגע־ארבייטעט אין די קאלאסאלע ענגלישע פאבריקען. פון דער אנדערער זייט בעהערשען די ענגלענדער אים גאנצען דעם אינדישען האנדעלסמארקט און דורך זייערע הענד געהען דורך די אינדישע נאטור־פראדוקטען וואס ווערען עקספארטירט אין דער גאנצער וועלט. אינדיען איז א טהייערער ברילאנט אין דער ענגלישער קרוין — אהן אינדיען וואלט ענגלאנד פערלוירען זיין וועלט־הערשאפט.

און איבערדעם איז עס גרינג צו פערשטעהען, וואס די ענגלענדער ציטערן אזוי פאר דער טעראריסטישער בעוועגונג אין אינדיען. די עטליכע הונדערט־טויזענדער ענגלענדער קענען בשום־אופן נישט האלטען אין צוים די 250 מיליאן אינדיאנער. ווען זיי וועלען קומען צום בעוואוסטזיין פון זייער אייגענער מאכט. ווען זיי וועלען, אנגעאייפערט פון די יאפאנער, פרובען אבצוווארפען פון זיך דעם ענגלישען עול.

שוין עטליכע מאל זענען אין אינדיען פארגעקומען טעראריסטישע אקטען געגען הויכע ענגלישע פערזענליכ־קייטען. דאסמאל אבער האט מען זיך שוין געוואגט קענען דעם וויצע־קעניג, דעם שני־למלך, וואס פערנעמט די העכסטע שטעלע אין אינדיען. ווען דער לארד מינטא מיט זיין פרוי זענען געפאהרען אים וואגען שפאצירען, האט מען פלוצים אויף זיי געפאהרען א באמבע אנגעפילט מיט דינאמיט און מעלינים. די באמבע האט צו פריה געפלאצט און דעם וויצע־קעניג האט גאר נישט געשאדט; אבער אין גאנץ ענגלאנד האט דאס אטענטאט אנגעמאכט א גרויסען רעש און די ענגלישע פאליטיקער זענען אים גאנ־צען ראטהלאז, אובדי־עצות, ווייל זיי בעזיצען נישט קיין שום מאכט, די ווידערשפענסטיגע אינדיאנער צו בעהערשען.

זייערע בעמיהונגען זענען אויך אומזיסט. מיט דער צייט וועלען די אינדיאנער פון זיך אראבווארפען די ענגלישע הערשאפט און ווערען א פריי פאלק ווי אין אלטע צייטען, נאטירליך מיט א נייער מאדערנער קולטור און ציוויליזאציע.

---

# פערגיפטונגס־אטענטאט געגען אפיציערע.

אין וויען הערשט די גרעסטע אויפרעגונג וועגען א פערגיפטונגס־אטענטאט, וואס איז אונטערגענומען גע־ווארען פון א אונבעקאנטער האנד געגען א גרעסערע אנצאהל פון אפיציערע.

איבער 40 אפיציערע האבען נעמליך אין די לעצטע טעג בעקומען צוגעשיקט פער פאסט אין געשלאסענע בריעף צו צוויי ווייסע פילען, איינגעוויקעלט אין אבלאטען, מיט א צירקולאר, אין וועלכען די פילען ווערען עמפ־פאהלען אלס היילמיטעל צום שטערקען פון דער מענ־ליכען קראפט. איינער פון זיי דער הויפטמאן פון גענע־ראלשטאב מאדער האט די פילען בענוצט און איז פלוצים געשטארבען. צוערשט האבען די ערצטע נישט געקענט ארויסגעפינען די טאדעסאורזאכע, ערשט ווען די לייכע איז סעקצירט געווארען, האט זיך ארויסגעשטעלט, אז ער איז געשטארבען דורך פערגיפטונג מיט ציאנקאלי. מען האט אנגעהויבען נאכצופארשען און ס'האט זיך ארויסגעשטעלט, אז ער האט זיך בענוצט מיט די געהיימניספולע פילען. די איבריגע אפיציערע וועלכע האבען עבענפאלס דערארטיגע פילען ערהאלטען, האבען זיי איבערגעגעבען צור כעמישען אונטערזוכונג און די ערצטע האבען קאנסטאטירט, אז זיי ענטהאלטען ציאנ־קאלי אין א זעלכען קוואנטום, וועלכעס מוז אונבעדינגט ווירקען טעדטליך.

עס איז קיין ספק נישט, אז עס האנדעלט זיך דא וועגען א פלאנמעסיגען פערגיפטונגס־אטענטאט געגען אפיציערע אין די פאליציי איז איפרינג בעשעפטיגט, דעם אטענטעטער אויסצופאר־שען.

פאליציי פעהלט יעדע שפור. אלס אויפגעבער פון די בריעף שטעהט פאר־שריבען א געוויסער שארל פראנצים. אויפגענעבען האט מען זיי אים פאסטאמט מאריאהילף שטיפטגאסע.

דאס שרעקליכע פערברעכען האט ארויסגערופען די גרעסטע אויפרעגונג, וועלכע איז נאך גרעסער, ווייל די פילען זענען געקומען צו לויטער שטאבסאפיציערע און עס שיינט, אז עס איז דאס געשעהען מיט א געוויסער אבזיכט. די פילען זענען געווען פרעפארירט דורך א פאכ־קונדיגער האנד און עס האנדעלט זיך וועגען עפים א אבזיכטליך און גוט אראנשירט אטענטאט. די בריעף צו די אפיציערע זענען העקטאגראפירט און האבען אלע איין נוסח.



יאפאנישע אייזענבאהנען און כינעזישע אמניבוסע: א כינעזישער אמניבוס.



דער נייער בירגערמייסטער פון ניו־יארק, וויליאם דזש. גיינאר.



דער פראוואקאטאר, ישראל מיכל קאפלינסקי.

ווינקלצונג פון דער שטאנדארד־עהל־קאמפאניע: דאס הויז, אין וועלכען ס׳געפינען זיך די ביוראה׳ס פון דער שטאנדארד־עהל־קאמפאניע.

# דער פראוואקאטאר קאפלינסקי.

זייטדעם בורצעוו האט ענטדעקט דעם פראוואקאטאר אזעף, האט ער זיך פערלענגט מיט אלע כחות, צו ענטדעקען די איבעריגע פראוואקאטארען צווישען די רוסישע רעוואלוציאנערען און עס איז איהם שוין געלונגען, די נעמען פון עטליכע פון זיי בעקאנט צו געבען.

איינע פון זיינע לעצטע ענטדעקונגען איז איבער'ן מיטגליעד פון בונד, ישראל מיכל קאפלינסקי, וועלכער האט צוואר נישט געשפיעלט אזא גרויסע ראליע ווי אזעף, אבער זיין איינפלוס אין דער פארטיי איז דורך א געוויסע צייט געווען גאר גרויס.

דער צענטראל־קאמיטע פון „בונד“ פערעפענטליכט וועגען קאפלינסקי'ן פאלגענדע ערקלערונג:

דער מיטגליעד פון „בונד“ ישראל מיכל קאפלינסקי „לאנגאס“, דינט אין דער אחראנע זייט ער איז בעפרייט געוואר'ען פון מאסקווער טורמע ענדע יאהר 1899. קאפלינסקי האט זיך בעטהייליגט אין דער יודישער סאציאליסטישער בעוועגונג נאך איידער דער „בונד“ האט זיך געגרינדעט. נאכדעם האט ער געארבייט אין דער בונדישער דרוקעריי אין באבראויסק, וואו ער איז אַרעסטירט געוואר'ען אין יאהר 1898. נאך זיין בעפרייאונג האט קאפלינסקי זיך בעטהייליגט אין דער ארטיגער בעוועגונג פון פערשיעדענע שטעדט, ווילנא, ווארשא, דווינסק און האט זיך גערעכענט אלס א אנגעזעהענער מיטגליעד פון „בונד“. לויט דעם פארשלאג פון „בונד“ האט קאפלינסקי גענעבען הילף דער פארטיי ביי וויכטיגע טעכנישע אנגעלעגענהייטען.

די לעצטע צוויי יאהר האט קאפלינסקי זיך דערווייטערט פון איננערליכען לעבען פון אונזערע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט און שוין מעהר ווי א יאהר, ווי ער האט קיין אנטהייל נים גענומען אין דער ארבייט. לויט די ידיעות פון צ. ק. האט קאפלינסקי ארויסגעגעבען דער אכראנע וויכטיגע מיטגליעדער פון „בונד“. האט אינפארמירט די אכראנע, אין וועלכע שטעדט עס געפינען זיך די דרוקערייען פון „בונד“, ווער עס בעשעפטיגט זיך מיט טראנספארטירען די ליטעראטור, ווער עס ארבייט אין די דרוקערייען און ד. גל.

די בעשולדיגונג אין קאפלינסקי'ן געמעלדעט געווארען, עס איז איהם געגעבען געווארען א טערמין צו שטעלען זיך פאר א פארטיי־געריכט און מען האט איהם אנגעוויזען, אז אויב ער וועט נים קומען, וועט דאס הייסען, אז ער אליין אנערקענט זיך פאר שולדיג. קאפלינסקי האט געענטפערט, אז ער קומט צום פארטיי־געריכט, נאר פאקטיש איז ער נים געקומען און ווי מען זאגט, איז ער אבגעפאהרען קיין קאזאן.

ווי עס הערט זיך, האט בורצעוו די ידיעות וועגען קאפלינסקי און וועגען אנדערע פראוואקאטארען בעקומען פון דעם סענאטאר קאוואלעווסקי, וועלכער האט פאר נישט לאנג בעגאנגען זעלבסטמארד און פאר'ן טויט איבערגעשיקט בורצעוו'ן א גאנצע מעננע מיט וויכטיגע דאקומענטען.

# דער נייער בירגערמייסטער פון ניו־יארק.

אין ניו־יארק זענען פאר קורצעם פארגעקומען די וואהלען פאר א נייעם בירגערמייסטער און פאר די איבריגע שטאדט־בעאמטען און ריכטער.

נאך א שווערען קאמפף איז גענוועהלט געווארען דער רעפובליקאנער וויליאם דז. גיינאר מיט א רוב פון 70.000 שטימען.

גיינאר איז בעקאנט אלס א גרויסער יודענפריינד. ער האט עס געשטיצט דעם פאליציי־פרעזידענט בינגהעם, וועלכער איז זיך בעגאנגען שלעכט קעגען יודען. די יודען יאַקב זיך רעוואנשירט און גיינאר'ן פערהאלפען צום זיעג; ער איז דער איינציגער גענוועהלטער פון דער רעפובליקאנישער פארטיי וועהרענד פאר אלע אנדערע שטעלען זענען גענוועהלט געווארען די דעמאקראטישע קאנדידאטען.

צו א דעפוטאציע פון יודישע רבנים, וועלכע האט איהם גראטולירט צו זיין נצחון, האט ער געענטפערט פאלגענדעס:

„די יודען זענען די קינדער פון א ראסע און פון א פאלקס־פאמיליע, וואס איז געבוירען אין אזא צייט, ווען די לענדער הערט אויף און עס הויבט זיך אן די געשיכטע. זיי געהערען צו א ראסע און צו א פאלקס־פאמיליע, וועלכע האט געוואוינט אין קעניגליכע פאלאצען אין א צייט, ווען די זאקסען און קעלטען, פיעללייכט אויך די רוימער זענען נאך ארומגעגאנגען נאקעט אין די וועלדער און געוואוינט אין די הייליגע, דאס קריסטענטום האט א גרונד שטאלץ צו זיין. אבער עס געדענקט שטענדיג, אז עס האט אין גאנצען איבערגענומען אייערע הייליגע שריפטען. דאס נייע טעסטאמענט איז איינגאנצען אויער כמעט אין גאנצען פערפאסט געווארען פון מיטגליעדער פון אייער ראסע, די גאנצע וועלט האט אייך פיעל צו פערדאנקען. ערשטענס אין דער רעליגיע, דעם גלויבען אין איין־איינציגען גאט, פון וועלכען איהר האט קיינמאל נישט אבגעטרעטען. די וועלט האט אייך אויך פיעל צו דאנקען אויפ'ן געביעט פון וויסענשאפט, ליטעראטור און פאליטיק און אליך פון וואס עס הענגט־אב די אויפקלערונג. דאס גליק אין די ציוויליזאציע פון אונזער צייט. די קריסטען האבען קיינמאל נישט געהאט קיין אמת'ען גרונד אייך צו האסען. דער האס איז ענטשטאנען פון בייזוויליגקייט אין די צייטען פון פינסטערניש. דער דאזיגער האס קאן זיך יעצט נאך האלטען ביי יענע פעלקער, וועלכע שטעהען נאך אויף א נידריגער קולטור־שטופע ווי די איבריגע און וועלכע נויטיגען זיך נאך אין דער ווירקונג פון דער ציוויליזאציע, אום זיך צו בעפרייען פון דעם דאזיגען האס“.

גיינאר האט פערזיכערט, אז ער איז דער „מעריי פון אלע בירגער“ און וועט זאגען דערפאר, אז די יודען, וועלכע פייערן שבת, זאלען נישט זיין געצוואונגען צו רוהען אויך זונטאג.

קעניג מאנועלס וויזיטען: קעניג אלפאנז פון שפאניען און קעניג מאנועל פון פארטוגאל.

# די יודישע וועלט.

## שיער ניט עלילות־דם.

אין אמסק האט דער מיליטער־נאטשאלניק גרינס־שענקא געשיקט זיין 12 יעהריגען זוהן, א קאדעט, צום יודען א־קעל אין קראם עפעס קויפען.

דאס יונגעל האט זיך אויס'ן נאס פערשפיעלט מיט זיינע חברים. דערוויל איז געווא־ען שפעט און דאס יונגעל איז געבליבען געכטיגען ביי זיין פעטער. וואס דיענט אויף דער באהן. ווען דער פאטער איז געווארען אונרו־היג, וואס דער זוהן קומט נישט, האט ער געמעלדעט אין פאליציי און האט בעקומען צוויי אנטעגטען, מיט וועל־בע ער איז געקומען צום יודען אין ק־אם און האט איבערגעשרייעט אליך. וואס דארט געפ'נט זיך.

דער צושראקענער יוד האט חאט'ש געוואלט דערגעהן וואס מען זוכט ביי איהם, און האט געבעטען דעם פאלקאווניק ער זאל איהם זא־גען, וואס איהם פעהלט. האט ער פאר'ן פערזאמעלטען עולם איהם גע־ענטפערט: „איהר זענט אפילו א גאנץ פיינער יוד. אבער איך וויים, אז איהר האט ליעב אונזערע קריסט־ליכע קינדער".

אין מיטען דער נאכט איז דער פאלקאווניק ווידער געקומען מיט די פיסטשיקעס צום יודען און האט געמאכט א צווייטען אביסק. עס פער־שטעהט זיך, דאס ער האט גאר נישט געפונען און אויף מארגען איז דאס יונגעל געקומען בשלום פון פעטער א היים.

## זעלבסטמארד פון א שוחט.

א שרעקליכער זעלבסטמארד איז פא־געקומען אין דעם שטעדטיל סעטרעשון ביי קאוונא.

דער דארטיגער שוחט, ר' פייווע שבתי, האט זיך מיט זיין איינענעם חלף געקוילעט.

זייט 37 יאהר איז ער געוועזען שוחט אין דעם שטעדטיל, וועלכעס האט כמעט אין גאנצען געלעבט פון מסחר מיט פלייש. דא־ט פלע־גען געמליך געקוילעט ווערען בערך 70 בהמות א וואך און דאס פלייש פלעגט פערקויפט ווערען קיין קאוונא און צו ווארשט פאבריקען.

מיט א מאל האט זיך די קהלה פון קאוונא מישב געווען און פערבאטען די פלייש־איינפוהר פון סעטרעשון, וויל די דארטיגע קצבים צאהלען נישט קיין קאראבקע. מען האט אויך ביים שוחט אבגענומען א „אלה ושבועה", אז ער וועט נישט מעהר קוילען ווי 4 בהמות נסות א וואך, פא־'ן געברויך פון שטעדטיל, דעריבער אבער וועלען איהם די קאוונער שוחטים שטיצען.

אבער זיי האבען איהם נישט געשטיצט און אויס־געהענדיג פא־ הונגער צוזאמען מיט עטליכע קצבים פון שטעדטיל, האבען זיי זיך מישב געווען און געקוילעט בהמות בשתיקה, וואס זייער פלייש פלעגט אריינגעפיהרט ווערען קיין קאוונא. די ממונים פון דער קאראבקע האבען דאס באלד ערפאהרען, זיי האבען געפאדערט פון שוחט, ער זאל נאכאמאל החתמ'נען אויף „אלה ושבועה" און אויב נישט, וועט מען אסר'ן זיין שחיטה.

דער שוחט האט צוגעזאגט אז ער וועט דעם אנ־דערען טאג קומען חתמ'ענען. אבער אהיים־קומענדיג האט ער ערקלערט, אז ער קען שוין נישט פערטראגען דאס שפיכת־דמים און אז די קאראבקע וועט איהם פון דער וועלט פערטרייבען. אויפ'ן צווייטען טאג אין דער פריה האט ער זיך סמ'ן חלף דעם האלז איבערגעשניטען.

זיין טויט האט געמאכט א געוואלטיגען איינדרוק. דער אויפגערעגטער המון, וואס האט בעגלייטעט די לויה האט דורכאויס געפאדערט מען זא, ברענגען דעם ארון מיטן מת צום בית־דין און נישט אוועקנעהמען, ביז די אלמנה מיט די יתומים וועלען פערזארגט ווערען. דאס בית־דין אבער האט זיך בעהאלטען.

„גוטער טאג" קומט

נעהערעס זעה די אנאנסע אויף זייטע 13.

## א פארלעזונג וועגען יודען.

דער פראפעסאר ווע־נער זאמבארט אין בערלין האט געהאלטען אין דער דארטיגער אקאדעמיע א העכסט אינ־טערעסאנטען פארטראג איבער דעם יודישען „איינפלוס אויפ'ן וועלט־מסחר אין מיטעל־אלטער און היינט. ער האט בעוויזען היסטאריש, אז אהן יודען וואלט דער גאנצער איצטיגער עקאנאמישער און שטאאטליכער סיסטעם נישט געקאנט עקזיסטירען. דער פראפעסאר נעהמט זיך פאר צו האלטען וועגען דעם ענין נאך א גאנצע סעריע פאר־טראגען, מיט'ן נאמען „יודאאיזם און קאפיטאליזם".

## צרות פון די תימן'ער יודען.

די יודען פון תימן (יעמען) האבען אויסצושטעהען גרויסע פערפאלגונגען אין א סך ערטער אין תימן, בעזאנדערס אין איין געגענד וואו דער שעיך „יאחא", וואס איז אויך דער גאווערנער פון געגענד האט ארויסגעלאזען א בעפעהל אז אלע יודען וואס געפינען זיך דארט־מען מוזען דעם מאחמעדאנער גלויבען אננעהמען אדער דאס לאנד פערלאזען. עס פערשטעהט זיך אז די יודען האבען אויסגעקליבען צו נעהמען דעם וואנדער שטאק אין האנד, איידער פערלאזען זייער גלויבען. זיי געהען צו פוס מיט זייערע פרויען און קינדער ביז דעם נעהנסטען פארט און פון דארטען נעהמען זיי די שיף נאך פאלעסטינא. 450 יודישע פאמיליען האבען שוין דאס לאנד פערלאזען און די איבעריגע מאכען זיך רייזע פערטיג. הונדערטע פאמיליען זענען דורכגעפארען סועץ אין גרעסטען עלענד און געבעטען די יודען פון דארטען זיי זאלען זיי שיקען ברויט. די יודען פון תימן האבען געשריבען פון זייערע צרות צום חכם באשי רבי חיים נחום, וואס האט זיך געזעהן מיט דעם מיניסטער פון זייערטוועגען, דערוויל איז נאך אבער קיין ישועה נית געקומען.

## נייע בעשרענקונגען פאר יודען.

אין רוסלאנד ווערען איצט געפלאנט נייע בענרעניצונגען פאר יודען.

די דומא־קאמיטע וועגען מלוכה־בעשיצונג האט בעשלאסען. נישט צוצולאזען יודען צו די שטע־לען פון דאקטורים אין דער ארמעע און אלס סטודענטען אין דער מיליטער־מעדיצינישער אקאדעמיע.

דער בילדונגס־מיניסטער וויל ארויסגעבען א בעפעהל, אז אויך אין די מערכען־שולען זאלען יודישע שילערינס אויפגענומען ווערען נאר לויט א בעשטימטען פראצענט.

## דעפוטאט בראדסקי אנגעקלאגט.

דער נייער יודישער דעפוטאט פון ארעסא, ארקאדי בראדסקי, איז אנגעקלאגט געווארען פון פראקוראר וועגען בענוצען זיך מיט א פאלשען נאמען. ער הייסט נעמליך אהרן חיימאוויטש, אבער ער בענוצט זיך מיט'ן נאמען ארקאדי יעפימאוויטש. אויב ער וועט וועגען דעם פער־אורטהיילט ווערען, וועט דאס זיין א גרונד, צו ערקלערען פאר אינגילטיג זיין וואהל צום דעפוטאט פון דער דומא. בראדסקי זעלבסט איז זיכער, אז ער וועט בעפרייט ווערען, וויל ער בעזיצט עטליכע דאקומענטען מיט'ן נאמען א־קאדי.

# א היים.

(מיין פרידויען — א מתנה).

I.

ביידע חברותות זענען געפֿאהרען פֿין שמחות.

די ערשטע חברותא, וועלכע איז בעשטאנען פֿון אניאלטער באבע, א מאמע, דאס יונגע פֿאר פאלק, א שוועסטער און צוויי קליינע ברידערליך דעם חתנ'ס זענען געפֿאהרען פון דער חתונה אהיים.

פרייטאג איז די חופה געווען. קיין אנדערן טאג האט דער אבי־החתן ניט געקענט אוועקפֿאהרען. ער האלט אין סעראפינעץ די קרעטשמע און לאזט ער זי איבער אויף א מינוט, איז ער בטוח, אז „מ'צעטראגט איהם די פיינערי, דעריבער מאקי. האט ער דעם חתנ'ס פאטער מיט דער מוטער, געמוזט תיכף נאך דער מלוה מלכה, שבת ביי נאכט אהיים פֿאהרען, בכדי די גוים זאלען דארט אין קרעטשמע ניט „אנארבייטען קיין שווארץ חושך".

דער חתן, חאטשי ער איז דער גאנצער טהוער אין קרעטשמע און די ערלים האבען פאר איהם אימת מות און רופען איהם נישט אנדערש, נור מאלאדעי הערשקא (אויפ'ן פאטערס נאמען, ווייל ער איז דער אלטער אויס'ן אוין), האט זיך אויסגעבעטען צו בלייבען דארט ביז דיענסטאג און אגב האבען דער כלה'ס פֿאטער און מוטער געשענה'ט, אז זיי קענען ניט ארויסשטופען די טאכטער מיט אבי וואס. זיי מוזען זיך מיט איהר אבגעזעגענען, איהר עפּיס מיטגעבען, זאל זי האבען, א יונגער בעל הבית'טע קומט אלעס צונויף. און דער חתן איז געבליעבען. נור מיט איהם איז נאך פֿערבליעבען די פֿערצעניעהריגע שוועסטער און 2 קלענערע ברידערליך.

דאס יונגע ווייבּיל האט מען ניט געוואלט לאזען אליין אוועקפֿאהרען. נור דער מחותן, א שוואכער, א קראנקער יוד, האט פון דער הארעוואניע וואס איז געווען, זיך ניט געפֿיהלט בכח „צו געהן אויף די פיס" און ניט מאכענדיג קיין לאנגע שהיות, האט ער תיכף זיך אריינגעלעגט אין בעט אריין „אפאר טאג, זיך אויסרוהען". די מחותנת'טע, אפילו ניט קיין שטארקער גבור, נור פֿארט שטארקער פונים מאן, איז מיטגעפֿאהרען. „זאל מען ניט זאגען, קלעהרט זי ביי זיך, אז מ'איז אפילו ניט געקומען זעהן, ווי אהין מ'גיט אריין דאס קינד". די אלטע באבע האט מען מיטגענומען אויף סבינות. אניעלטערע מענש, וועט זיך גיכער פערשטעהן, קען זיך אויסקוקען, אויסשנאפען, בכלל פערשטעהט מעהר...

און דאס יונגע ווייבעל זיצט אין דער זייט ביים פֿענסטער אין וואגאן און קוקט א־ויס אויף די לאנגע אבגעראמטע פעלדער און עס דאכט זיך איהר אויס, אז דער דרויסען איז צוגעפאסט פונקט צו'איהר געמיטה, אט, דאכט זיך האט עס געפליהט. זי איז ארומגעגאנגען צווישען איהריגע, וועלכע זי האט ליעב געהאט, וועלכע האבען זי אזוי ליעב און טייער געהאלטען, עס האט זיך איהר געדאכט קיין בעסערס און קיין שענערס איז גאר נישטא... און מיט אייינמאל איז געקומען עפּיס א יונגער־מאן, וואס זי קען איהם ניט, זי ווייסט איהם ניט, נור זי הערט די עלטערן זאגען אז ס'איז א גליק פאר איהר, זי קומט אריין אין א הויז פון כל טוב און ער — דער מאן איהרער איז דארט כל וכל, און מיט איהם דארף זי אפלעבען איהרע יאהר־ען?

איצט פארט זי אהיים... אהיים... איז דארט איהר היים, וווּ זי פֿאהרט איצט? וואס ערווארט זי דא־רט? קען זי עמיצען דארט? און דאך זאגט מען, אז זי פֿאהרט אהיים...

די מאמע און די באבע פֿערטיהרען א שמועס מיט'ן חתנ'ס שוועסטער, וועגען דעם, וואס די מחותנת'טע האט ניט געוואורט אפילו אויף דער שווינער פֿיהרען, ווייל זי האט מורא געהאט. טאמער וועט זי דארפֿען געבען די נעסט א שטיקעל פלארען. און דער חתן געהמט זיך אן זיינע לייט'ס קריוודע און ווינשט זיך, צו מאכען דרויף א טערנא. וויפֿיעל ס'האט די חתונה זיי געקאסט...

און דאס יונגע ווייבּיל זיצט ביים פֿענסטער און קוקט ווי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז שטארבט דאס אב, וואס האט ערשט געלעבט און געבליהט...

ווער ווייסט, וואס אין איהר געהט פֿאר?...

II.

די צווייטע חברותא איז בעשטאנען פֿון בלויז א מאמע, א טאטע און חתן כלה, געכטען ביי נאכט זענען די תנאים געווען און היינט זענען זיך די מחותנים צו־פֿאהרען און דער חתן פֿאהרט אויף א טאג צוויי צו דער כלה.

דער שידוך האט זיך שוין געשלעפט א היבשע צייט און דער אבי הכלה האט אלץ זיך נישט געקענט ענטשליעסען, ער גיבּט דער טאכטער א צוועלף הונדערט רייניש און ס'שטעהט איהם נישט אן צו נעהמען א קצב'ס א יונגעל. דער חתן, האט מען אפילו געזאגט, איז א גאנץ לייטישער בהמה־סוחר, ער איז אבער פֿאר־ט א קצב'ס א זוהן און אפילו אין מסחר האט ער א כלל, אז מ נעהמט ערגיץ תבואה, זאל מען קוקען פון וועמעס פֿעלדער...

נור עפּיס, ווי אויף צו להכעים, האט זיך נישט געפֿיהרט. וועלכעס מ האט גערעדט, איז נישט געווען, נאך זיין נוסט.

און דערנאך, אז ער איז געוואהר געווארען, אז די טאכטער זיינע, האט זיך נאר „פערליאפעט" אין דעם שרייבער פון דער באנק, אין דעם בחור מיט דער גע־נאלעטער בארד, דערמילט האט ער געזעהן, אז לאנג זוכען טאר ער נישט און מוז כאפען וואס ס'לאזט זיך, בכדי דער טאכטער „ארויסצושלאגען דעם דבוק"...

און אז ס'איז באשע־ט, האט מען ווייטער אנגע־טראגען דעם בהמה־סוחר און די שדכנים האבען איהם ממש נישט געלאזט רוהען, ביז ער איז מרוצה געווארען.

אבער דער מחותן, דער קצב, האט זיך נאך פֿער־דרען געשטעקט. מיין יונגיל איז ווערט מ'זאל איהם מיט גאלד וועגען, האט ער געשריעבען און באין ברירה, בכדי וואס גיכער דער טאכטער ארויסצושלאגען דעם שגעון, מ'זאל חלילה אין שטעדטיל דערפֿון נישט געוואהר ווערען, איז ער בעשטאנען צו געבען פֿערצען הונדערט רייניש, א חוץ חתן־מתנות און א חוץ דעם, צו נעהמען דעם יונגען־מאן נאך דער חתונה צו זיך און איהם מא־כען פֿאר א תבואה־סוחר...

און אז ער האט נעכטען פונים „מחותן" צוגעקוקט די „קצבישע נעגנ", האט ער „פֿון זיך געריסען דאס פֿליישי", נור „מ'נעמט ארוים דאס פֿערד, מען די שטאל פֿער־ב־ענט ווערען"...

דער מחותן האט זיך מיט'ן חתן אריינגעלאזט אין א שמיעס. ער זאל איהם חוקר ודורש זיין, צו פֿער־שטעהט ער ענין מסחר... די מחותנת'טע, פאר גרוים מידינקייט, וואס זי האט א גאנצע נאכט נישט געשלאפֿען, איז אנגעדימעלט געווארען און די כלה זיצט ביים פֿענסטער און קוקט אויף דעם אבגעשטארבענעם אסיעך דרויסען...

און איצט פֿאהרט זי א היים. אין קורצען האט מען א חתונה אבגעשמועסט. עס וועט זיך אנהויבען א צייט פֿון אויסשטייער, קליידער און פֿארבערייטונגען צו דער חתונה. וועלכע בעדייט איהר טוידט...

און וואס האט זי געקענט טהון? זי זאל נישט אבהענגיג זיין אין איהרע עלטערן, זי זאל אליין זיך קענען פֿערדיענען, וואלט זי אוועק אין דער וועלט און דארט אזוי לאנג געווען, ביז איהרע עלטערן וואלטען איינפֿער־שטאנדען געווען מיט איהר געליעבטען, אבער איצט ווען זי קען זיך נאר נישט העלפֿען אין דער וועלט, האט זי אנדערש געקענט טהון, ווי דך פון איינענע טאטע מאמע לאזען פֿערקויפֿען?...

און אין דער היים איז איהר געליעבטער, אבער ערווארטעט זי עפּיס א פֿרייד אין דער היים? ווייס זי דען נישט, אז יעדער טאג, יעדע שעה ברענגט זי נעהנ־טער צו איהר טוידט, צו דער פֿערבינדונג מיט דעם פֿרעמדען מענשען?...

דער מחותן טענה'ט אלץ ווייטער מיט'ן חתן, די מחותנת'טע שלאפט געשמאק און הלומ'ט אודאי, ווי אזוי זי האט די טאכטער פֿערזארגט און די כלה קוקט אין פֿענסטער און זעהט ווי ביסליכווייז, ביסליכווייז שטארבט דאס אב, וואס האט ערשט געלעבט און געבליהט...

ווער ווייסט, וואס אין איהר געהט פֿאר...

פעטשעניזין. ז. האבער.

---

# א מעדיצינער אלס באנק־נאטעזפעלשער.

פֿאר דעם שוורגעריכט אין וויען איז פֿאריגע וואך פֿאר־געקומען דער פ־אצעס געגען דעם מעדיצין־סטודענט לאריסלויס האזעק, וועלכער האט פֿערפֿערטיגט אויף פֿאטאגראפישעם וועג פֿאלשע פֿינפֿציג־קראנען באנקנאטען און האט עטליכע פון זיי אויסגעגעבען.

האזעק האט זיך מודה געווען, אבער ער האט פֿאר דעם געריכט דערצעהלט זיין גאנצע לעבענסגעשיכטע, און דיעזע איז אזוי געלטען מערקווירדיג און טרויריג, אז דאס געריכט האט אנגענומען, ער איז געוועזען געצוואונגען דורך זיין גרעסטער נויטה צו פֿעראיבען דאס פֿערברע־כען — און האזעק איז פֿריי געשפראכען גע־ווארען.

האזעק איז דער זוהן פֿון א באהן־אינזשעניער. ער האט זיינע מעדיצינישע שטודיען געענדיגט מיט גרויסען ערפֿאלג און האט זיך בעזונדערס אויסגעצייכנעט אין דעם שטודיום פֿון דער באקטעריאלאגיע, אין וועלכען ער האט געמאכט וויכטיגע ענטדעקונגען. אזוי האט ער ענטדעקט, אז אין דער נאהענסטער שכנות פֿון וויען, אין דער דאַ־נוי־געגענד, זענען פֿאראנען שפּור־ען פֿון דער מאלאריא־קראנקהייט. און ער האט זיך געשטארעט, די קוועלען פֿון דער קראנקהייט צו ענטדעקען און ארויסצוגעפֿינען א מיטעל געגען זיי. די בלוטא־ינטערזוכונגען האט ער צו־ערשט געמאכט פֿון זיין איינענעם בלוט, ערשט שפעטער האט ער דאצו בענוצט דאס בלוט פֿון קא־נינכען.

זיינע פֿארשונגען און ענטדעקונגען אויף דיעזען געביעט האבען אין דער וויסענשאפֿטליכען וועלט גע־מאכט א גרויסען רושם, פֿיעל גרויסע געלעהרטע האבען זיך מיט זיי בענוצט — ער אליין אבער האט געליטען פון הונגער און קעלט. זיין פֿאמיליע האט איהם נישט געוואלט אונטערשטיצען, די געמיינדע וויען, צו וועלכער ער האט זיך אפט געווענדעט וועגען א סובווענציע אדער א סטיפענדיום, האט איהם כסדר אבגעוויעזען. אבער דאס אלעס האט איהם נישט אבגעהאלטען פֿון זיין אר־בייט. שטענדיג פֿלעגט ער ארומוואנדערן אין דער קראנק־הייטס־געגענד און קורירען די קראנקע, נישט וועלענדיג ביי זיי נעהמען קיין לוין פֿאר זיין קוראציע.

אין פֿריהערע יאהרען האט האזעק געהאט א ליעב־בעספֿערהעלטניס מיט א עלטער פֿ־יילײן אדעלע פֿון קורץ, בעזיצערין פֿון א טאבאק־טראפֿיק אין דער פראַ־טער שטראסע. דערנאך האט ער דאס פֿערהעלטניס אב־

נעבראכען. שפעטער האט ער זיך ווידער מיט איהר בעקאנט געמאכט, זי האט איהם כסדר אונטערשטיצט. אזוי ווייט, ביז די איז איהם גאנצען רואינירט געווארען און ביידע האבען זיך געפונען אין דעם גרעסטען עלענד. אין זיין שרעקליכער נויטה און נישט וועלענדיג אויפ־געבען זיינע וויסענשאפטליכע פארשונגען, וועלכע האבען געקענט ברענגען דער וועלט דעם גרעסטען נוצען, האט ער זיך ענטשלאסען, צו פעלשען באנקנאטען, כדי צו בעקומען די מיטעל פאר זיין לעבען און פאר זיין וויסענ־שאפטליכער ארבייט. קוים אבער האט ער אויסגעגעבען דריי באנקנאטען, האט מען די פעלשונג ענטדעקט און די פאליציי האט באלד ארויסגעפונען דעם פעלשער און זיין העלפערין, די טראפיקאנטין ארעלע פון קורץ. וועלכע מען האט פערהאפטעט.

די שי־דערונגען האזעק׳ס, וועלכע זענען בעשטעטיגט געווארען פון פיעל עדות, דארונטער עטליכע פרא־פעסארען פון דער אוניווערזיטעט, האבען אויף די גע־שווארענע געמאכט דעם טיעפסטען איינדרוק. ביידע אנ־געקלאגטע זענען פריי־געשפראכען געווארען און מען האט זיי תיכף ארויסגעלאזט פריי. מען וויל איצט אויך צוזא־מלען א געוויסען געלד־בעטראג, כדי צו פערהעלפען די צוויי אונגליקליכע, זיך ווידער צו גרינדען אן עקסיס־טענץ און צו ערמעגליכען האזעק די פארטזעצונג פון זיינע נוצליכע פארשונגען.

# אויפלעזונג פון דער „שטאנדארט־עהל־קאמפאניע“.

פון ניו־יארק קומט די ידיעה, אז דאס העכסטע אמעריקאנישע טריבונאל האט ארויסגעגעבען אן אורטהייל, אז דער עהל־טראסט, די שטאנדארט־עהל־קאמפאניע, וועלכע האט פעראייניגט אין איהר האנד די גאנצע פעטראלעאום־פראדוקציע פון אמעריקא און האט אויס־געבייטעט דאס פאלק אויף דעם שרעקליכסטען אופן, זאל ווערען אויפגעלעזט.

די שטאנדארט־עהל־קאמפאניע איז דאס גרעסטע געשעפטליכע אונטער־נעהמען אויף דער וועלט. זי בעזיצט א פערמעגען פון הונדערטער מיליאנען און זי האט אין איהר האנד נישט בלויז פאסט אלע ראה־עהל גראבען און פעטראלעאום־ראפינעריען אין אמעריקא, נאר אויך אין דער גאנצער וועלט איז איהר נעץ אויסגעשפרייט. פאר עטליכע חדשים האט זי אויך געוואלט ארייננעהמען די גאליצישע פעטראלעאום־אינדוסטריע אין איהרע הענד. נאר די עסטרייכישע פרעסע האט געמאכט א ליארם און די רעגיערונג האט די שפעקולאציע צערשטערט.

דער גרינדער און לייטער פון דער שטאנדארט־עהל־קאמפאניע איז דער בעקאנטער אמעריקאנישער מיליארדער ראקפעלער. מיט זיין אייזערנער ענערשיע און מיט זיין ריקזיכטסלאזער שפעקולאציע האט ער פער־איינינט די גאנצע פראדוקציע אין זיינע הענד און הא־בענדיג אויך א גרויסען אנטהייל אין אלע אמעריקאנישע אייזענבאהנען, האט ער פון זיינעטוועגען זיך געזיכערט די בילינגסטע טאריפע פאר׳ן טראנספארט און באופן זה אונמעגליך געמאכט [illegible] קאנקורענץ. ערשט ווי ער האט אלע זיינע קאנקורענטען בעזיעגט, האט ער געהעכערט די פרייזע פון פעטראלעאום ליט זיין פערלאנג און דאס פובליקום קען זיך געגען איהם קיין עצה נישט געבען. מיט דער צייט האט ער אויך געשטרעבט צו בעזיצען די פעט־אלעאום־אינדוסטריע פון דער גאנצער וועלט. ער בעזיצט אויך שוין פאבריקען און גרובען אין רוסלאנד, אין בעלניען, און רומעניען, אין עסטערייך (אין דוועד־זיטץ) און אין אונגארן. מיט דער צייט וואלט ער אויך אפשר געוועזען זיין ציעל ערדייכט.

איצט, דורך די אויפלעזונג, וועט דיעזער צוועק פאר יעדען פאל אויף א געוויסע צייט פערשאבען ווערען.

די אויפלעזונג איז ערפאלגט איבער אנקלאגע פון דער אמעריקאנישער רעגיערונג, אז די קאמפאניע פערלעצט דורך איהר געשעפטס־געבאהרונג דאס אמעריקאנישע אנטי־טראסט־געזעץ, וועלכעס ערלויבט נישט די פעראייני־גונג פון געוויסע פראדוקציאנס־צווייגע אין איין האנד, כדי צו דיקטירען די פרייזע. דער פראצעס שלעפט זיך שוין איבער דריי יאהר און שליעסליך האט די רעגיערונג געזיעגט.

ראקפעלער, וועלכער איז דורך דיעזען אורטהייל שטארק איבעראשט געווארען, האט נאך אפען דעם וועג צום אמעריקאנישען אבערסטען בונדעסגעריכט. אבער אפילו ווען ער זאל אויך דא פערליערען, וועט ער וואהרשיינליך מאכען ווייטער זיינע „ביזנעס“ אונטער אן אנדערען נאמען. מיט געלד קען מען אין אמעריקא אלדינג ערדייכען.

# פראפעסאר וויל געשטארבען.

אין פאריז איז פארינגע וואך געשטארבען דער בע־רידהמטער פילאזאף פראפעסאר העגרי וויל, 91 יאהר אלט.

דער פערשטארבענער איז געוועזען איינער פון די גרעסטע פילאזאפען און איז בעזונדערס בעריהמט געוועזען אלס געסטאר פון דער קלאסישער פילאזאפיע.

געבוירען אין פראנקפורט האט ער געענדיגט זיינע שטודיען אויף די דייטשע אוניווערזיטעטען אין בערלין, היידעלבערג, באנן און לייפציג. דערנאך האט ער בעזוכט די פאריזער אוניווערזיטעט, וואו ער האט אים יאהר 1845 בעקומען דעם טיטעל דאקטאר.

אזוי ווי ער האט אלס יוד, טראטץ זיינע גרויסע פעהינקייטען, נישט געקענט בעקומען קיין שום שטעלע אלס פראפעסאר, לאזט ער זיך אין פראנקרייך נאטורא־ליזירען און באלד ווערד ער פראפעסאר אין דער אוני־ווערזיטעט פון בעזאנסאן. 1876 קומט ער נאך פאריז, וואו ער בעקומט א שטעלע אלס פראפעסאר אין דער ראבינער וויסענשאפטליכער האכשולע. ער האט בעקומען אלע אויסצייכנונגען, וואס עקסיסטירען אין פראנקרייך, איז געוועזען עהרענמיטגליעד פון פיעלע אקאדעמיעס און וויסענשאפטליכע אינסטיטוטע. זיינע ווערקע זענען אין דער גאנצער וויסענשאפטליכער וועלט שטארק בעריהמט און ער האט געגאלטען אין פאכען פון דער קלאסישער פי־לאזאפיע אלס די ערשטע אויטאריטעט. תנצב״ה.

# אטענטאט קעגען באראן ראטהשילד

קעגען דעם וויענער באראן אלבערט ראטהשילד איז דיעזע טעג פערזוכט געווא־ען אן אטענטאט, וועל־כעס איז בלויז דורך א צופאל פערהינדערט געווארען.

באראן ראטהשילד וויילט גראדע אין שילעראוויץ (פרייסיש־שלעזיען) אויף דער יאגד. פאר עטליכע טעג האט ער ערהאלטען א בריעף פון ראטיבאר, אין וועל־כען ער ווערד אויפגעפאדערט, איבערצוגעבען דעם בעטראג פון 25,000 מארק א געוויסען סאציאליסטישען פיהרער. וואס זיין נאמען ווערד אנגעגעבען אין בריעף. [illegible] נישט, וועט מען איהם טעדטען.

באראן ראטהשילד האט די זאך איבערגעגעבען דער פאליציי, וועלכע האט איינגעלייטעט א אונטערזוכונג און ארויסגעפונען, אז דער בעטרעפענדע סאציאליסטישע פיהרער ווייסט נישט פון קיין שום זאך.

לעצטען שבת איז צוגעקומען צום לעהרער אטרא־בעט, וועלכער נעמט טהייל אין דער יאגד, א לאקאי און איבערגיבט איהם א בריעף מיט דער ביטע, דענועלבען איבערצורייכען דעם באראן ראטהשילד. דער לעהרער נעמט דעם בריעף צו זיך, אויף׳ן וועג צום באראן אבער האט דער בריעף פלוצים עקספלאדירט און דער לעהרער איז שווער פערלעצט געווארען, — דעם אטענטעטער האט מען לעת־עתה נישט אויסגעפארשט.

# א קרבן פון פאלשען חשד.

ר. ענטרעקינגען, וואס בורצעוו האט אין דער לעצטער צייט געמאכט איבער דער פראוואקאטאר־ישער טעטיגקייט פון איינינע בעוואוסטע רעוואלוציאנערען, האט געבראכט דאצו, דאס די פיהרער האבען זיך אי־בערהויפט אנגעהויבען צו בעציהען מיט חשד איינער צום צווייטען, אומעטום זעהט מען נאר פראוואקאטא־רען און דאס האט געבראכט צום פריהצייטיגען טויט א אונשולדיג יודיש מיידעל, וואס האט איהר גאנץ לעבען געאפפערט פאר דער רעוואלוציע.

אין יאנואר 1909 איז געטאלען א פערדאכט אויף דעם מיידעל ביילע לאפין, א מיטגליעד פון דער קאמפף־ארגאניזאציע — דאס זי פערנעמט זיך מיט פראוואקאציע. דער קאמיטעט האט אבער דאמאלס געהאט געגוג צו טהון, האט ער די זאך נישט אויסגע־פארשט — ער האט נאר סתרה געוועזען מען זאל זיך פאר איהר היטען. ביילע לאפין האט געפאדערט א גע־ריכט און האט געסטראשעט, דאס זי וועט פאהרען קיין רוסלאנד זיך איבערגעבען דער פאליציי און דערמיט בעווייזען, דאס זי איז אונשולדיג; זי איז אבער קיין רוסלאנד נישט געפאהרען, נאר זי האט זיך גענומען דאס לעבען.

אין דעם בריעף, וואס זי האט געלאזט, שרייבט זי: „איך פאהר נישט קיין רוסלאנד, וויל מיינע כחות ערלויבען מיר נישט. איך בעט אייך חברים, איהר זאלט זיין פארזיכטיגער אין אייערע בעשולדיגונגען. איך האב נישט קיין כח אין אזא אטמאספערע נישט צו לעבען און נישט צו ארבייטען“.

נאך איהר טויט האט מען זיך דערוואוסט, אז די פראוואקאטארין איז גאר אן אנדערע, ושוטשענקא־נערנגראס.

# שרעקליכע קאטאסטראפען.

די לעצטע טעג זענען דורך אין שרעקליכע קא־טאסטראפען.

חוץ דעם שטורם אין וועסטאינדיען איז אויך א טהייל [illegible] דער אזיאטישער טירקיי שטארק איבערשוועמט געווארען, די שטאדט אדאנא איז געוועזען 24 שעה פול־שטענדיג אונטער׳ן וואסער. פיעל הייזער זענען צער־שטערט געווארען, אויך אין טראפעזונד האט די איבער־שוועמונג אנגעמאכט גרויסע חורבות. הונדערטע מענשען זענען אומגעקומען.

אים האפען פון סינגאפארע איז דער ענג־לישער דאמפפער „אנדרא“ צוזאמענגעשטויסען מיט דעם פאסטדאמפפער „לאוינע“. דער פאסטדאמפפער איז אין צוויי מינוט אינטערגעגאנגען מיט אלע זיינע פאסאזשירע דער „אנדרא“ האט 61 מענשען גערעטעט. צירקא 100 רייזענדע, ווי אויך דער קאפיטאן און דאס שיפספערזא־נאל זענען דערטרונקען געווארען. פיעל דערטרונקענע זע־נען תיכף אויפגעפרעסען געווארען פון די הייפיש.

אין די קוילען־גרובען פון איללינאיס (אמעריקא) איז פארגעקומען א שרעקליכע עקספלאזיע. בערך 400 ארבייטער האבען פערלוירען דאס לעבען. עס זענען צו־מייסט עסטרייכער און איטאליענער.

# אים האַרעם פון'ם סולטאַז.



## אריגינאל־ראמאן פוז דער יונגסטער צייט.

(דריי־נענטע פאָרטזעצונג *)

### צוועלפטעס קאַפּיטעל.

### אינ'ם גרויען הויז.

אין דער „אייזערנער גאַס" פון דעם קאָנסטאַנטינאָפּעלער שטאַדט־טהייל גאַלאטא, א שמאָל ענג געסיל, נישט ווייט פון דער גרויסער בריק, געפינט זיך א הויך הויז מיט עטליכע גרויסע פענסטער.

דאס הויז איז גאַנץ איינפאך געבויעט. זיין אייסערע פאַרב איז שמוציג־גרוי. די פענסטער זענען שטענדיג פערהאַנגען און דאס גרויסע ברייטע איינפוהר־טהויער טאג און נאַכט פערהאַקט.

ווילל אימיצער אריינקומען, בעדאַרף ער צוערשט ציעהען ביי א גרויסען גלאָק וואס זיין בינדפעד־שנור שטעקט אַרויס פון טהויער. עס דערהערט זיך דרינען א שטילער קלינג. דערנאָך עפענט זיך א קליין קיילעכיג פענסטעריל אין טהויער, קוים אזוי גרויס ווי א ווילבעדינע מטבע. דורכ'ן פענסטעריל פונקעלט עפּיס א גרוי ווילד אויג, וועלכעס בעטראַכט צוערשט גוט דעם וואס וויל אריינקומען, און ערשט ווען עס איבערצייגט זיך, ווער דאס איז, עפענט זיך א קליין טהירעל אים טהויער און מען ווערד אַריינגעלאזט. דאס טהירעל ווערד ווידער פערהאקט און ארום דעם הויז איז שטיל ווי פריהער.

דאס הויז איז בעקאַנט נייט בלויז אין דעם ענגען שמאָלען געסיל, נאר אויך אין דעם גאַנצען שטאָדט־טהייל גאַלאַטא, מיט'ן נאָמען „דאָס גרויע הויז". יעדער ווייסט, ווער ס'וואָגען די בעוואָהנער פון דיזען געביידע און וואס פאר א זאַכען ס'קומען דאָרט פאר.

דאָרט איז נעמליך דער הויפּטזיץ פון די קאָנסטאַנטינאָפּעלער מערכען־הענדלער. דאָ איז זייער הויפּט־קוואַרטיער, דאָ אַהער ווערען געבראַכט אינשולדיגע קרבנות פון דער גאַנצער וועלט, און דאָ ווערען זיי פערקויפט ווי די בהמות פאר דעמיעניגען, וואס צאָהלט מעהר פאר זיי דעם בעסטען פּרייז.

די קאָנסטאַנטינאָפּעלער פּאָליציי ווייסט גאַנץ גוט, מיט וואס עס בעשעפטיגען זיך די בעוואָהנער פון דעם הויז, אָבער זי שווייגט. נאַטירליך נישט אומזיסט. זי בעקומט פון צייט צו צייט א אנשטענדיגען לאַ־יחרץ־געלד און זי איז איבערדעם די טרייעסטע מיטהעלפערין פון דער באַנדע.

נישט איינמאָל איז שוין פאָרגעקומען, אז די עלטערן אָדער די פריינד פון אזא אומגליקליך קרבן האָבען זיך דערוואוסט, וואו עס געפינט זיך און זיי האָבען זיך געווענדעט צו דער פּאָליציי מיט דעם פערלאַנגען, מען זאָל זיי העלפען עס בעפרייען.

אָבער קיינמאָל האָבען אזא שתדלנות נישט געבריינגט קיין שום הילף. לפנים האט די פּאָליציי אַלעס צוגעזאָגט און אפילו גענומען געלד פאר איהרע בעמיהונגען. אָבער איהר ערשטער שריט איז געווען, צו וואָרנען די מערכען־הענדלער רעכטצייטיג און זיי ראָטהען, אז דעם קרבן זאָל פּלוצים נעלם ווערען. דערנאָך האט שוין נישט געהאָלפען קיין שום זוכען, קיין שום פאָרשען, עס איז פערפאַלען ווי א שטיין אין וואַסער.

אין אַט דיזען „גרויען הויז" איז היינט אויך געבראַכט געוואָרען אונזער אננא, געבונדען הענד און פוס. דעם קאָפּ פערוויקעלט מיט א ברייטען שווארצען טוך האָט מען זי אַראָבגעטראָגען פון דעם שיפעל וועלכעס איז פערפאָהרען אין א ווינקעל פונ'ם האַפען. דאָרט וואר דער פערקעהר א־ז קליין און זעלטען ווייזט זיך דאָרט א פרעמדער מענש.

אזוי פערבונדען און ווערהלאָז האט מען זי אריינגעוועצט אין א געשלאָסענער קאַלעשע און צוגעפיהרט צום גרויען הויז. דער וועכטער פון הינטער דער טהיר האט תיכף דערקענט דאס קלינגען פון דער היימישען קאַלעשע. ער עפענט ברייט דאס טהויער און די קאַלעשע פאָהרט אַריין און ווערד פערשווינדען אין דעם גרויסען ברייטען הויף. דאס טהויער ווערד צוריק פערהאַקט און אויף דעם געסיל איז ווידער שטיל ווי פריהער.

אָנגעקומען אין הויף האט מען אננא בעפרייט פון איהרע שטריק און פונ'ם טוך אַרום דעם קאָפּ. זי האט שווער אָנגעאָטהעמט און געקוקט מיט א פערצווייפעלטען בליק אַרום זיך, נישט וואָגענדיג א וואָרט צו רעדען.

— אזוי מיין ליעב קינד! — זאָגט „דר. רווישער" מיט א פערשמייכעלטען טעל — איצט ביזטו שוין נאר נאָהענט צו דיין ציעל. באַלד וועלען זיך פאר דיר [illegible] די טהירען פון א הערליכען פּאַלאַץ און פאר אונז א בייטעל פול גאָלדענע דוקאַטען...

*) נייע אַבּאָנענטען ערהאַלטען די פריהערינע פאָרטזעצונגען אויף פערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

— דאס איז פאר אייך דער עיקר — ברומט אננא צווישען די ציינער — איהר חיות אין מענשליכער געשטאַלט!

— נאר נישט שימפּפען! — דראָהט „דר. רווישער" — דו ווייסט שוין מיט וואס דאָס שמעקט...

מען פיהרט אננא אַרויף אין א קליין, איינפאך מעבלירט צימער'ל אויפ'ן צווייטען שטאָק. דאָרט איבערנעמט זי א עלטערע שוואַרצע דיענערין, מיט א ווילד פנים ווי עפּ'ס א מכשפה, וועלכער דר. רווישער רוימט איין א סוד אין אויער אַריין...

— איך פערשטעה! איך פערשטעה! — לאַכט די אַלטע — קענסט דיך אויף מיך פערלאָזען.

„דר. רווישער" פערשווינדעט און אננא בלייבט אַליין צוריק מיט דער שוואַרצער מכשפה.

אין א שענעם סאַלאָן אויף דעם ערשטען שטאָק, וואוהין ער געהט מיט שנעלע שריט, בעגריסען איהם זיינע פריינד מיט א וואַ־מען „ברוך־הבא!"

— נו, וואס הערט זיך, חיים מאַרקאָוויטש? — פרעגט איינער פון דער חברה — האסט געבראַכט א פיין שטיקעל סחורה!

— נאָך ווי פיין! — סמאַטשקעט מאַרקאָוויטש מיט די ציינער — איך זאג דיר, שלמה, דו וועסט איצט מוזען עפענען דיין בייטעל און צאָהלען און צאָהלען, ביז די הענד וועלען דיר נישט מעהר דיענען!

— טאַקי באמת! — לאַכט שלמה — אז די סחורה איז שיין דא אונטער אונזער דאַך, איז שוין די ברירה ביי מיר...

— אפילו נישט! — ברומט מאַרקאָוויטש — ווען דו וואָלסט וויסען, וויפיעל צרות און פּלאָגערייען ס'האט מיך געקאָסט, ביז איך בין מיט איהר אַהערגעקומען, וואָלסטו אנדערש גערעדט... וויפיעל א שטיינער וואָלסטו פאר איהר צאָהלען?

— איך קויף נישט א קאַץ אין זאַק! — זאָגט שלמה — צוערשט מוז איך זי זעהען!

אין דעם מאָמענט עפענט זיך די טהיר און ס'קומט אַריין א פערזאָפּטע עלעגאַנטע, היבשע דאַמע.

— א, מיינע האָבאַכטונג גנעדיגע פרוי גרעפין! — שפּרינגט שלמה אויף פון זיין פּלאַץ מיט א טיעפער פערבייגונג — מיט וואס קענען מיר דיענען?...

— איז שוין דאס נייע מיידיל דא? — פרעגט די גרעפין אַלאַבעקער, זיך זעצענדיג אויף א שטוהל. —

— יאָ! — ענטפערט שלמה — ערשט וואס אָנגעקומען...

— איך מוז זי תיכף זעהען און טאַקי נאָך היינט מוז א איבערגעפיהרט ווערען צו מיר! — זאָגט די גרעפין — דער אַלטער האט אַוועקגעשיקט זיין ליעבלינג צאַראַאירא און מוז היינט האָבען א פרישע...

— דאס וועט דיך אביסעל שווער! — יוזט זיך אן מאַרקאָוויטש — זי איז מיעד פון דער רייזע און אָבגעשלאַגט, זי איז נאר נישט פעהיג, זיך צו רעפּרעזענטירען, חוץ־דלזה...

— וויל זי נאָך נישט! — לאַכט די גרעפין — דאס ווילסטו זאָגען... מילא, ווענען דעם וועלען מיר שוין זאָרגען — ווייז זי מיר נאר און זאָג, וואס דאָס דאַרף קאָסטען!

— עשרים אלפים! — רופט מאַרקאָוויטש צו שלמה — ווענינער לקחינען נישט א פרוטה, עס מוז זיין חצי שלי וחצי שלך!

— און חמשה אלפים וועסטו נישט נעהמען? — ברומט שלמה און ווענדענדיג זיך צו דער גרעפין, זאָגט ער:

— מיר וועלען צוערשט איינינ ווערען וועגען דעם פּרייז. אויב איהר גיבט אונז וויפיעל מיר פערלאַנגען, איז גוט, ווען נישט, איז א שאד דאריבער צו רעדען...

— וואָס הייסט צוערשט איינינ ווערען? — פרעגט די גרעפין איבערראַשט — און ווען די סחורה וועט מיר נישט [illegible]?

— וועט איהר נישט נעהמען! — ענטפערט שלמה — מיר פערלאַנגען דאָך נישט קיין געלד פאַרוים! דאס מיידעל קאָסט היינט 20.000 פראַנק נישט ווענינער א סענטים.

— צוואַנציג טויזענד פראַנק! — רופט די גרעפין איבערראַשט — איהר ווילט אויסנוצען מיין צוואַנגסלאַגע און פון מיר ערפּרעסען געלד!...

— מיר ווילען נאר נישט ערפּרעסען! — זאָגט שלמה — נאר די סחורה האט אונז אזוי פיעל מיה געקאָסט, אז מיר מוזען דאָסמאָל אזוי פיעל פערלאַנגען...

— איך האב קיין צייט מיט אייך צו האַנדלען! — זאָגט די גרעפין און קריצט מיט די ציינער — איהר וועט דאס געלד בעקומען, אָבער ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט וועל איך מיך מיט אייך אָברעכענען. — קומט, איך וויל זי זעהען...

(פאָרטזעצונג קומט).

# א גרויסער בעטרוג.

אין וויען איז פארינע וואך ענטדעקט געווארען א גרויסער בעטרוג. דורך וועלכען דער א־צט דר. האפבויער האט פערלוירען א היבשע סומע געלד.

אין דער געשיכטע איז אויך אריינגעמישט דער בעקאנטער לעמבערגער נגיד ר׳ שמעלקא רוקה. דעמועל־בען האט מען נעמליך פארינע וואך פראָטעסטירט דריי וועקסעל צו יע 50,000 קראנען צום איינלעזען, ה׳ רוקח פערווייגערטע די איינלעזונג, ווייל די אונטערשריפטען זענען געווען געפעלשט. די וועקסעל, וועלכע די לעמבער־גער פיליאלע פונם וויענער באנקפעראיין האט בעקומען צום אינקאסא פון דער וויענער צענטראלע, זענען תיכף צוריקגעשיקט געווארען קיין וויען און דא האט זיך ארויס־געשטעלט די גאנצע מעשה.

צום ערשט דר. האפבויער יענען נעמליך פאר א געוויסער צייט געקימען צוויי פרעמדע מענער וועלכע האבען זיך פארגעשטעלט אלס דר. האלענדער און זוהן. דער פאטער הייסט דעם זוהן אונטערזוכען ווענען זיין קראנקהייט און אזוי קומען זיי עטליכע מאל צום דר. האפבויער. איינמאל איבערגיבט דער פאטער דעם א־צט א גרעסערען בעטראג און בעט איהם, ער זאל אבגיבען אויף זיין זוהן, וועלכער איז שוואכזיניג. וויל ער, דער פאטער, מוז איועקפאהרען. ער בעט איהם אויך, ער זאל דעם זוהן נישט איבערגעבען קיין גרויסע סומען מיט א מאל, כדי ער זאל עס נישט פערשווענדען.

דער יונגער האלענדער איז דאן עפטערס געקומען צו דר. האפבויער, האט זיך בעקאנט געמאכט מיט זיין פרוי און ערוארבען זייער פערטרויען. אין א צייט ארום דערצעהלט האלענדער דעם דר. האפבויער עפּיס א גאנצע מעשה מיט א געשעפט, אין וועלכען מען קען פיעל געלד פערדיענען אין באופן זה לאקט ער ביי איהם ארויס א היבשע סומע געלד, צוגלייך דערצעהלט ער דיזעלבע מעשה בסוד דער פרוי דר. האפבויער און לאקט אויך פון איהר ארויס געלד. צוזאמען האט ער ביי ביידע צונעמען בערך 150,000 קראנען, מיט דעם גלענצענ־דען געשעפט האט ער אבער געצענערט און ווען ביידע האבען אנגעהויבען איהם צוצודריקען און צו פערלאנגען זייער געלד, איבערגיבט ער זיי אלס דעקונג דריי וועקסעל צו 50,000 קראנען מיט דער אינטערשריפט סאמועל רוקח אלס אקצעפטאנט און מיט זיין איינענער אינטער־שריפט אלס זשיראנט. די וועקסעל זענען געווען אויסגע־שטעלט אויף דעם 25 אקטאבער 1909 און האלענדער דערצעהלטע, או רוקח איז א גוטער פריינד פון זיין פא־טער, ביי וועלכער ער בארגט זיך געלד. אווי ווי דען נאמען „סאמועל רוקח“ איז דעם דר. האפבויער געווען ניט בעקאנט, האט ער די וועקסעל אבגענומען און זיי איבערגעשיקט דורך וויענער באנקפעראיין צום אינקאסא. און ערשט איצט האט זיך דער גאנצער שווינדעל ארויס־געשטעלט. האלענדער איז אבער איינצווישען פערשוואונ־דען פון וויען און דאס לייכטגלייביגע פאאר פאלק האפבויער האט נאר קיין אויסזיכט, דאס געלד צוריקצובעקומען. עס האט זיך אויך ארויסגעשטעלט, אז האלענדער האט אין וויען נאך פערשיעדענע שווינדעל יען פעראיבט. און אז ער איז א געפעהרליכער וויענער און האבשטאפלער.

# נאטיצען.

איינער דער הויפטגרינדע דער ערשרעקענדען שטערבליכקייט אונטער־דען קליינען קינדערן ליעגט אונשטרייטיג אין דער־ען אונפאססענדער ערנעהערונג. דיא נאטירליכסטע אינד בעסטע נאהרונג הערענד דער 2—3 מאנאטע איזט זעלבסטפערשטענדליך דיא מוטטער־מילך. זאבאלד דיעזע אבער אוים אירגענד איינעם גרונדע פעהלט, עמפפיעהלט זיך געמטעלים קינדערמעהל אלס דאס איינציגע,ווירקליך בעוועהרטע נעהרמיטטעל. צו וועלכעם יעדע מוטטער, דיא אום דאס געדייהען איה־רעס קינדעס בעזאָרגט איזט, מיט פאללעם פער־טרויען איהרע צופלוכט נעהמען דארף.

# רעטהזעל.

(די נעמען פון די אויפלעזער ווערען פערעפענטליכט).

פון די נאכשטעהענדע אותיות:

אאאאאאאאאאאאאאאאא בבבבב נ ד הה וווו זזז ח טט וווווו לללללל מממממממממ ס ננן ןן סס עעעעעע עעעעע פפפפ צ רררררדרדר ש ת

זענען פאלגענדע 15 ווערטער צו בילדען.

1) א יודיש־העבראישער דיכטער.
2) א איטאליענישע מינצע.
3) א ביבלישע פינור.
4) א צונאמען פון א יודישען פילאָזאף.
5) א היסטאריש בעריהמטע שטאדט.
6) א גריכישער דיכטער.
7) א פלום.
8) א פ־ויענגאמען.
9) א פארנאמען פון א יודישען פילאזאף.
10) א האלב־אינזעל אין דעם זידוועסטליכען טהייל פון אזיען.
11) א רעמישער נאמ.
12) א היסטאריש בעריהמט לאנד.
13) א עסטערייכישע פראווינץ.
14) א טהעבאנישער פעלדהערר.
15) א רעמישער קעניג.

די ערשטע אותיות פון דיזע 15 ווערטער ער־געבען דעם נאמען פון א יונגסט פערשטארבענעם יודישען דיכטער.

טשערנאָוויטץ. אשר לאנדא.

## Nadesłane.

**Dział Inseratowy „Żydowskiej Gazety Ilustrowanej“** objęło biuro reklamowe i anonsów **„Prinzipia“ w Krakowie ul. św. Marka 21.** i do tej firmy należy się zwracać we wszystkich sprawach inserowania w powyższem piśmie.

**Die Inseratenabteilung** der **„Jüdischen Illustrirten Zeitung“** hat das **Anoncen und Reklamen-Bureau „Prinzipia“ Krakau Markagasse 21.** übernommen, zu welcher sich die P. T. Inserenten in aller Insertionsangelegenheiten wenden wollen.

# פרעמיעס פאר אונזערע דירעקטע אבאנענטען.

1) ווער ס׳אבאנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“ ווייניגסטענס אויף א **פיערטעל יאהר** דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע בעקומט בחנם א שענעם **וואנדקאלענדער לשנת תר״ע.**

2) ווער ס׳אבאנירט דאס בלאט דירעקט ווע־ניגסטענס אויף א **האלב יאהר** בעקומט חוץ דעם לוח א פרעמיע איינע פון די צוויי העכסט־אינטערעסאנטע היסטארישע ערצעהלונגען:

א) **„דוד שפירא“,** דער בעפרייער פון פראג.
ב) **„דון יוסף הנשיא“,** הערצאג פון נאקסאס.
ביידע שען אויסגעשטאטעט.

3) ווער ס׳אבאנירט דאס בלאט דירעקט אויף **א גאנץ יאהר,** בעקומט חוץ דעם לוח אלס פרעמיע די ביידע אויבענדערמאנטע ערצעהלונגען: **„דוד שפירא“** און **„דון יוסף הנשיא“.**

די פרעמיעס ווערען צוגעשיקט פארטא־פריי

די פריהערע פרעמיעס: „שפיצקאפף“ און „ספרי דר. רובין“ זענען שוין אים גאנצען פערגריפען.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie